מ. טקאַטש

# נח׳ס קאַסטן

משלים און מעשה׳לעך




1942

ביכער פון זעלבן דיכטער:
„אויף גאָט'ס באַראָט", 1927
„דאָס טייכל קאַטשעט זיך אויפן בייכל, 1933
„זון איבער אַלץ", 1936
„אין שאָטן פון דיר", 1939

# NOACH'S KASTN

(Noah's Ark)

By M. TKATCH




M. CHEHINSKY, Publisher
2720 West Division Street
Chicago, Ill.

# אין קאַסטן

(פאָרוואָרט)

ביז ס'וועט דער מבול איבערגיין,
אין קאַסטן זיך פאַרטייע!
ניט גוט דעם מענטש צו זיין אַליין,
אַ פּאָר איז אים די חיה.

איך זאַמל מיינע חיות איין,
מיין קאַסטן איז די פאַבל,
אַ צווייטער נח וועל איך זיין,
עס גייט אַ נייער מבול.

איך זע די כוואַליעס דורך מיין שויב,
איך הער די ווינטן ברומען.
איך האָב אַרויסגעשיקט די טויב,
איז זי צוריק געקומען.

איך וועל זי שיקן נאָך און נאָך,
ביז זי וועט ברענגען, ענדלעך,
אַ ביטער בלאַט פון אונדזער בראָך,
פון אונדזער דזשאָנגל — שפּענדלעך.

דערווייל, ביז צו אַ וויסטן ברעג
מיין קאַסטן וועט דערשווימען,
אַ צירק דרעסיר איך אויס אין וועג
די מענטשן נאָכצוקרימען.

וועט זיין אַ שיינע קינדערשפּיל,
אַ קינדערשפּיל און מערער —
דער מענטש וועט לערנען זייער פיל
פון חיות, זיינע לערער.

# די שפין און די בין

די שפין
האָט אײדל, דין,
אי אָפן, אי באַהאַלטן,
סימעטריש אויסגעהאַלטן,
געדולדיק און געשיקט
איר שפּינוועב אויסגעשטריקט.
און פון איר ווערק באַגײסטערט,
האָט צו דער בין
געזאָגט די שפין:
— אָט האָב איך אויך מײַן שפּינוועב אויסגעמײַסטערט
מיט קינסטלערישן חן,
ווי דו דײַן סטעלניק מײַסטערסט אויס —
אי צוועקמעסיק אי שײן. —
— דײַן מײַסטערשאַפט איז גרויס,
נאָר ווײ איז צו דײַן בײזן צוועק! —
געענטפערט האָט די בין אין שרעק:
פאַר זיסן האָניק איז די שאַפונג מײַנע
אַ שײנע כלי,
נאָר פאַר דײַן גזילה און נבלה
איז בלויז אַ נעץ דײַן ווערק, דאָס פײַנע. —

## דער האָן און די מויז

אין קאַמער אַן אַ פענצטער, אין אַ שטייג — אַ קאַרצער,
אין זעט אין שוואַרצער,
איז דער געשטאָפּטער האָן געזעסן,
געוואָרגן זיך, געטרונקען און געגעסן.
צי האָט דער האָן, פון צייט דער היטער,
געוואוסט אויך פון אַ צייט, וואָס הייסט: „כפרות־שלאָגן“?
איז ניט פאַר מיר צו זאָגן,
נאָר, ווי פון אַ געהיימען פייער אַ געבריטער,
האָט יעטווידן פרימאָרגן, לויט זיין שטייגער,
פון שלאָף זיך אויפגעכאַפּט
דער לעבעדיקער זייגער,
געפּאָכעט מיט די פליגל און געקלאַפּט,
געקרייט און אָנגעזאָגט:
— קוקו־רעקו! עס טאָגט! —
— וואָס מאַכט דיר אוים?
וואָס גייט דיר אָן?! —
איז פון איר לאָך די מויז אַרוים
און האָט געפרעגט דעם האָן:
דיך גייט דער טאָג פאַרביי,
אין דיין געפענגעניש איז פינצטער סיי־ווי־סיי. —
— פאַרשטייסט עס גאַרניט, אָרים מייזעלע,
אין פינצטער הייזעלע? —
האָט זיך דער האָן געוואונדערט:
איך מעג מיר זיין אין חושך, אָפּגעזונדערט,
נאָר ווען איך וויים, אַז אויף דער וועלט וועט ליכטיק ווערן,
גייט־אויף מיין האָפנונג אויך אין מאָרגנשטערן. —

# דער קאַנאַריק און די קראָ

דער גאָלדענער קאַנאַריק — גאָלדיק-זוניק —
האָט ווי אַ פידעלע פילסטרוניק
צעשפּילט זיך,
צעטרילט זיך,
געשאַלט אין זיין מוזיק:
— צו לעבן איז אַ גליק. —
— עס איז דיר פריילעך? —
האָט זיך די קראָ צעקראַקעט שוואַרץ, ווי ס'איז איר הולך:
אַ גדולה, שטאַרבער,
וואָס ס'האָט די מאַמע דיך געהאַט
צו ציטערן אין טויטשרעק ווי אַ בלאַט
פאַר יעגער, קאַץ און שפּאַרבער!
ווייל קיינער איז ניט זיכער מיטן חיות.
ניט זינגען, — שילטן דאַרף מען דעם געבוירן-טאָג.
מיין גאַנצן לעבן גיי איך אויף לויות,
איז וויים איך וואָס איך זאָג. —
— איך פריי זיך מיט דער חיי-שעה, —
האָט דער קאַנאַריק אויסגעזונגען צו דער קראָ:
נאָר דו, מיין אָבל, — ווי ס'איז פאַלש דיין קלאָג
(עס שטערט דיר ניט, ווי אַלע ווייסן,
אַ ביינדל אָפּצולעקן פון די מתים),
אַזוי איז פאַלש דיין שילטן דעם געבוירן-טאָג,
ווייל, זאָג מיר נאָר: —
ווי לעבט עס אָפּ אַ פעסימיסט דריי הונדערט יאָר? —

# פּעגאַס און די פערד

פּעגאַס,
דאָס פילבאַרימט באַפליגלט פערד
פון באַרג פּאַרנאַס,
האָט צו די ברידער זיינע אויף דער ערד,
די איינגעשפּאַנטע אין דעם וואָגן,
געזאָגט, אַזוי צו זאָגן:
— ווי קאָן איך זאָרגלאָז אין די הימלען שוועבן,
ווען שווער איז אייער ערדיש לעבן?
איך וועל מיט אייך זיך מיען,
צוזאַמען גיין אין שפּאַן, דעם וואָגן ציען. —
פאַרשטייט זיך,
אַז ס׳האָבן שטאַרק די פערד דערפרייט זיך: —
אַזאַ געווינס פאַר זייער קלאַס!
ווען אָבער ס׳איז אין שפּאַן אריין פּעגאַס,
האָט דער באַפליגלטער צעבראָכן
די דעמבענע האָלאָבליעס, וואָס האָבן אים געשטערט
די פליגל צו צעפּאָכען.
— וואָס טוט מען מיט פּעגאַסן? —
פאַרזאַמלטע אין מאַסן
געשאָקלט האָבן מיט די קעפּ די פערד,
געקלערט און צו אַן עצה זיך דערקלערט:
— היות, ווי ס׳איז פּעגאַס
אַ גרויס געווינס פאַר אונדזער קלאַס;
היות, ווי אים פאַרלירן וויל ניט קיינער,
דערפאַר באַשליסן מיר, ווי איינער: —
כדי אין די האָלאָבליעס אים אַריינצופּאַסן,
די פליגל אָפּצובייסן ביי פּעגאַסן. —

# דער אינדיק און דער שטרויס

אויף אייגנליבע ווער איז דאָס ניט זינדיק?
נאָר זינדיקער פון אַלעמען איז אונדזער אינדיק,
וואָס בלאָזט זיך, גוידערט זיך און האָלדערט:
— איך האָב זיך האָלד און האָלדער!
איך בין אַ מלך מיט אַ קרוין! —
— איך זע זי ניט, דיין קרוין, געשוואָלענער פּאַרשוין! —
האָט אים געזאָגט דער שטרויס,
וואָס גרויסט זיך ניט, כאָטש ער איז גרויס:
איך זע נאָר — ס'הענגט דיר פאַר די אויגן פונם שטערן
אַן איבעריק שטיקל פלייש,
ווי ניט צו דיר וואָלט דאָס געהערן. —
האָט אָנגעצונדן זיך דער אינדיק, ווי אַ פלאַם,
און זיך צעהאָלדערט היים:
— אומווויסנדיקער, ווייס —
דאָס איז מיין קרוין, ווי ביי דעם האָן זיין קאַם. —
— פון שטערן הענגט אַ קרוין אַראָפּ?
איך האָלט ניט אויס! —
האָט זיך געוואונדערט און געלאַכט דער שטרויס:
די קרוין ביים האָן איז אויפן קאָפּ. —
— איך טראָג די קרוין פאַר מיינע אויגן, —
געענטפערט האָט דער אינדיק אָנגעצויגן:
איך זאָל אין איר זיך שפּיגלען פרי און שפּעט,
שטאָלצירן וואָס איך בין אַ מאַיעסטעט. —
— דו עגאָאיסט, צי ווייסטו וואָס דו האָסט געטאָן? —
געענטפערט האָט דער שטרויס דעם קעניג אָן אַ טראָן:
האָסט מיט דיין קרוין די אויגן זיך פאַרשטעלט
און קליין און פינצטער זיך געמאַכט די וועלט. —

## דער נאַכטיגאַל און דער שפּערל

דער נאַכטיגאַל — ביינאַכט אַ בלויער,
בייטאָג אַ גרויער —
האָט אין פרימאָרגן מיט א זשעדנע אויגל
געזוכט חיונה, ווי אַ יעדער פויגל,
און האָט אַ וואָרים איינגעשלונגען
אין זעלבן האַלדז, וואָס האָט געזונגען.
דערפון געטראָפן און שאָקירט,
כאָטש ער אַליין האָט ווערים ניט בראַקירט,
האָט אָנגערופן זיך דער שפּערל,
דער פּראָסטער קערל :
— אַז ווי צו מיינע אויגן, וואָס ס'איז זיי באַשערט
צו זען דיין פאַל פון הימל אויף דער ערד !
ווען זינגען האָב איך דיך ביינאַכט געהערט,
האָב איך געגלויבט — אַ מלאך איז מיין זינגער.
צום סוף, אוי ווי איז מיר און ווינד,
איך האָב פאַרגעטערט בלינד
אַ ווערים-שלינגער ! —
— אומזיסט אין דיינע אויגן פאַל איך, —
באַדויערט האָט דער נאַכטיגאַל :
איך בין אַ זינגער, ניט קיין מלאך,
פון אַלע ברואים ניט קיין יוצא-מן-הכלל.
איך האָב אַ שטים, נאָר אויך געדערים ;
קיין מן פון הימל פאַלט ניט, עס איך ווערים. —

# די אַנגעטראָטענע קאַץ

די קאַץ, די באָרוועסע, די אָנגעטראָטענע,
האָט אין איר שרעק אויף שטעגן זייטיקע געהונקען.
— וואָסי׳, געראָטענע,
אַ פוס זיך אויסגעלונקען ? —
האָט זי דער פוקס געפרעגט, דערשראָקן זי אויף טויט,
ווען אויסגעוואָקסן איז ער פון דער העלער הויט.
— אַך, דאָס ביסטו! איך בין דיר גערן, —
האָט אויסגעגלייכט צוריק די קאַץ איר רוקן
און זיך געלאַסטשעט צו דעם קלוגן:
געמיינט — אַ מענטש, וואָס האָט אַ פוס אַ שווערן.
ווייל איך האָב ניט זיך אויסגעלונקען, חס-חלילה;
דאָס האָט דער מענטש, דער האַרטער, וואָס ער איז,
מיר אָנגעטראָטן, מיך ניט באַמערקט אפילו,
ווען כ׳האָב געלאַסטשעט זיך צו זיינע פיס. —
— וואוהין-זשע גייט אַ קאַץ אַ קרומע ?
מען קריכט פון אויוון ניט אַרונטער, מומע ! —
— דו רעדסט דאָך, סערצע, ווי אַ דאָקטער.
ווי קאָן מען רואיק ליגן, גאָט גערעכטער,
ווען אין דיין אויער קלינגט דעם מענטשנ׳ס בייז-געלעכטער ?
„אַ מצוה, גיי ניט באָרוועס!“ זאָגט ער.
איז גיי איך דאָס צום שוסטער נאָך שטיוולעטן.
איך וועל צו זיינע פיס זיך לאַסטשען, רחמים בעטן,
נאָר מורא האָב איך, ער זאָל אויך אויף מיר ניט טרעטן. —
— גיי באָרוועס, ווי ס׳האָט גאָט געבאָטן! —
האָט איר דער פוקס געראָטן:
נאָר וואַרף ניט צו די פיס דיין ליבשאַפט, ווי אַ שמאַטע,
ווען יענעם ליגסטו אין דער פיאַטע. —

## די פלעדערמויז

אַמאָל איז צו דעם זאָאָלאָג
די פלעדערמויז געקומען מיט אַ קלאָג:
— אוי, הער געלערטער!
עס איז דאָך גוואַלד־געשריען.
עס איז אַן אומגעהערטער
טייוולאָניש־בייזער שפּאַס: —
איך פלי, ווי אַלע פייגל פליען,
פאַרוואָס־זשע האָסטו מיך אַריינגעשטעלט אין קלאַס
ניט פון די פייגל, ווערליק עס קומט אויס,
נאָר פון די שרצים, ווי אַ פּראָסטע מויז? —
— מאַכסט, פלעדערמויז, אומזיסט אַ „ויצעקו״, —
האָט דער געלערנטער איר דערקלערט דעם תירוץ:
ס'איז וואָר, אַז ווי אַ פויגל פליסטו טאַקע,
נאָר לעבן לעבסטו ווי אַ שרץ. —

## די הייזעריקע שלאַנג

די בייזע צישענדיקע שלאַנג
האָט צו אַ דאָקטער זיך געמאָלדן קראַנק:
— אַדוני רופא, אונטערזוך מיין האַלדז!
כ'בין הייזעריק, איך צישע אַלץ. —
האָט, נאָכדעם ווי ער האָט באַטראַכט
דעם הייזעריקן חולה,
דער דאָקטער שאַרף צו אים אַזוי געמאַכט:
— מיין שלאַנג! ס'איז גאָרניט מיט דיין „כלי“.
דאָס צישען איז נאַטירלעך פאַר דיין מין.
וואָס ווילסטו — מיט דיין גיפט און גאַל —
זינגען, ווי אַ נאַכטיגאַל?!
וואָס פאַר אַ האַרץ, אַזאַ מין שטים. —

# דער הונט און דער חזיר

אינמיטן נאַכט,
ווען די לבנה האָט געשיינט אין פולער פּראַכט,
האָט זיך דער הונט צעיאָמערט אויפן קול,
ווי ס׳וויינט אַמאָל
אין אָנגעזיכט פון גרויסער שיינקייט
אַ מענטש, באַגרייפנדיק זיין קליינקייט,
כאָטש שטילער וויינט ער, שטיקט זיין צער —
אַ מענטש איז ער דערפאַר.
— וואָס יאָמערסטו, מיין הונט?
ביסטו געזונט? —
האָט אים אין שרעק געפרעגט
דער חזיר, פון זיין שלאָף זיך אויפגעוועקט.
— געזונט. אַ דאַנק.
און אפשר גאָר פון שיינקייט קראַנק, —
געענטפערט האָט דער הונט, וואָס וואַכט:
אַ נאַכט! אַ נאַכט!
לבנה, שטערן.
מען קאָן משוגע ווערן! —
— ביסט אויפאנ׳אמת קראַנק, פון זין אַרונטער, —
האָט זיך צעכריוקעט דער „געזונטער״,
וואָס קאָן זיין קאָפּ ניט הויבן
צו זען וואָס טוט זיך אויבן:
לבנה, שטערן גאָר, ס׳איז ניט געשטויגן,
איך זע זיי ניט מיט מיינע אויגן. —

## דער שמעטערלינג און די בין

מיט פאַרבנשפּיל פון רעגנבויגן,
מיט אויסגעגלאָצטע אויגן,
ווי מיט אַ טוי פאַרצויגן,
האָט שמעטערלינג געפלאַטערט און געפליטערט,
געזעצט זיך אויף אַ בלימל און געציטערט,
דערשיטערט
פון אייגענער דערקענטער פּראַכט,
די פליגעלעך געעפנט און פאַרמאַכט,
אַזוי ווי אַ קאָלירטן פעכער.
די בין,
וואָס זוכט אין שיינקייט זין,
האָט, זיצנדיק אין בלימל-בעכער,
געזאָגט, אַ זיכערע מיט זיך אַליין:
— דער שמעטערלינג איז שיין,
נאָר האָניק מאַכט די בין. —

## די שפּערלען און די סאָווע

אַנומלט
פאַרשייט, פאַרטומלט
איז אויף דער סאָווע מיט די אויסגעגלאָצטע אויגן
אַ פּאָרל שפּערלען אָנגעפלויגן.
— זיי שטיל, אַוועק ! —
האָט איינער זיך געכאַפּט אין שרעק
און צוגעגעבן פול מיט אַכט :
דו ווייסט, זי זעט ביינאַכט. —
— איז וואָס דערפון ? —
האָט ניט געטיילט דער צווייטער — זיין התפּעלות :
צו זען אין חושך, און זיין בלינד, ווען ס׳לויכט די זון,
איז פון די קנאַפּע מעלות. —

# די ווערקע און דער פוקס

די ווערקע איז אויף אַ בוים געזעסן,
אַ ניסעלע געגעסן
און צו פאַזירן ניט פאַרגעסן
אפילו אין אַכילה: —
די פאָדערפיס צונויפגעלייגט, ווי הענט אין תפילה,
דעם שיינעם ווידל הענגען ניט געלאָזט אַראָפּ,
נאָר העכער פון איר קאָפּ
פאַרריסן אים און אויסגעבויגן,
ער זאָל זיך וואַרפן אין די אויגן.
— דו דאַרפסט ניט, ווערקע, דעם עק פאַררייסן,
עס קלייבט זיך קיינער ניט אים אָפּצובייסן, —
האָט מיט געלעכטער איר געזאָגט דער פוקס,
וואָס איז פאַרביי געגאַנגען:
ווער קאָן דיך אויפן בוים דערלאַנגען? —
— אַז כ'האָב אַן עק — דע־לוקס, —
יאָ, ניט קיין אָפּגעשלאָגענע הושענא,
ווי ביי דער מויז, —
האָט אויף די שפּאָט־רייד זיינע
די ווערקע געענטפערט, שטאָלץ ביי זיך און גרויס,
דערביי דעם עק געשאָקלט צו באַווייזן
די שיינע האָר, וואָס ער פאַרמאָגט:
אַז כ'האָב אַן עק אַזאַ, איז מעג איך אים פאַררייסן. —
— מיין עק איז שענער נאָך פון דיינעם, —
האָט איר דער פוקס צוריק געזאָגט:
דאָך לאָז איך אים אַראָפּ.
איך וויל ניט מיט קיין עק זיך אויסצופּיינען,
אַ ווידל האַלטן העכער פונם קאָפּ. —

## משיח׳ס פערד

דאָס ווייסע פערד ביי יודקע באַלעגאָלע
האָט ניט געהאַט קיין גרינגע דאָליע: —
לאַ־די ער האָט פון יודקען שמיץ,
ווי פון א גוי, געכאַפּט,
האָט יענער נאָך פון אים געמאַכט אַ וויץ,
וואָס האָט אים ערגער פון די קלעפּ געקלאַפּט —
„משיח׳ס פערד, משיח׳ס טרעגער",
אַ נאָמען האָט געגעבן אים זיין שלעגער.
וואָס־עפּעס — אין אַ בלאָטע צי אין זאַמד —
געהערט האָט ער דעם חוזק נאָכאַנאַנד:
— משיח׳ס פערד, משיח׳ס סוס!
משיח וואָלט געקומען גיכער שוין צופוס. —
האָט איינמאָל אויפגעמאַכט זיין מויל דאָס פערד
(איר האָט אַזוינס פון בלעמ׳ס אייזל שוין געהערט)
און אָפּגעענטפערט האָט דאָס פערד צוריק:
— רב איד, כ׳בין מוחל דיר דעם גליק,
אַז ס׳זאָל משיח רייטן
אויף מיר, דעם ניט באַפרייטן.
אויב ס׳איז דיין גואל אַ באַפרייער
אַזאַ מין —
אַ רייטער בלויז אַ נייער, —
איז מעג ער זיך פאַרזאַמען. —
האָט יודקע מיט דער בייטש
געוואָלט דעם אפיקורס לערנען טייטש: —
משיח קומט ניט צו באַפרייען פערד, —
נאָר נאָכאַמאָל באַקלערט,
וואָס ער האָט ערשט געהערט,
פאַרגעסן האָט ער גאָר צו שמייסן
און האָט געזאָגט צום ווייסן:
— דו רעדסט דאָך גאָרניט, ווי אַ פערד. —

## דאָס שעפּסל און איר מוטער

דאָס נאַריש שעפּסל, די מעזינקע,
צום שערן אַ געבונדענע,
דערזען די שער-מאַשינקע
די ערשט-דערפונדענע,
האָט צו דער מוטער אויסגערופן מיט אַ פרייד:
— אַ נייער סדר גייט!
מיר ווערן
מאָדערן. —
— איז וואָס, דו נאַר! —
געענטפערט האָט מיט צער
די אַלטע שעפּס צו איר מעזינקע:
אַלטמאָדיש, צי מאָדערן,
צי מיט אַ שער, צי מיט אַ שער-מאַשינקע —
מען וועט אַלציינס אונדז שערן,
באַרויבן אונדז פון אונדזער וואָל,
אַזוי ווי אַלעמאָל. —

## דער מאַראַנץ און די לימענע

— וואָס מאַכסטו, לימענע? זעסט אוים מיר געל, —
האָט הער מאַראַנץ באַגריסט די זויערע מאַמזעל.
— ניט רוף מיך „לימענע“ — מיין נאָמען איז ציטרין! —
איז פון פאַרדראָס די געלבע
געוואָרן גרין.
— ציטרין צי לימענע — עס מיינט דאָס זעלבע, —
האָט איר געענטפערט דער באַגריסער:
דער שיינער נאָמען מאַכט די זויערע ניט זיסער. —

# דער בוים און די וואָרצלען

דער הויכער בוים,
אין טרוים
די הימלען צו דערגרייכן,
האָט אויף די וואָרצלען זיך באַקלאָגט.
— איך צי זיך צו די הייכן, —
האָט ער געזאָגט:
נאָר איר, וואָס ריעט זיך, ווי בלינדע ווערים,
אַ קנויל געדערים,
איר בינדט מיך צו, ווי אַנקערס, צו דער ערד.
פאַר אייך וואָס האָבן פאַר אַ ווערט
די הויכע זון, די ווייטע שטערן!
כל זמן ס'איז אייער באָדן פעט,
צופרידענע אין זעט
איר ווילט שוין מער פון גאָרניט הערן. —
— אומדאַנקבארער! — האָט זיך דערהערט
אַ קול פון אונטער דר'ערד:
ווען מיר דאָ אונטן וואָלטן זאַפטן ניט געזויגן,
מיט וועמעס כח וואָלסטו זיך אַרויף געצויגן? —

# די קאַץ און די מייז

אַ ניגונדל זיך אויסגעברומט אין טרוים,
האָט אירע נעגל אין אַ בוים
די קאַץ זיך אָנגעשאַרפט געמיטלעך,
צוריק זיי אין די לאַפּקעלעך אַריינגעצויגן —
זיי זאָלן זיך ניט וואַרפן אין די אויגן —
און צו דער מויזנלאָך מיט ווייכע טריטלעך
איז זי אַוועק
און האָט אַהין אַריינגעשריגן:
— איר דאַרפט ניט, מייז, באַהאַלטן זיך אין שרעק!
איך וויל ניט מער מיט אייך זיך קריגן.
איך בין געקומען מיט אַ ווייסער פאָן,
זיך צו אַנטוואָפענען — אייך באַט איך אָן. —
— קיין וואָפן האָבן ניט די מייז, —
געענטפערט האָט מען איר צוריק:
באַוואָפנט איז די קאַץ, וואָס גייט אויף זיי אין קריג. —
— און וואָס איז דען אַ נאַרע — ניט קיין פעסטונג? —
האָט באַלד די קאַץ געגעבן אַ באַווייז:
ניט גלייך איז די פאַרמעסטונג,
אויב אין דער נאַרע בלייבט איר זיצן.
היינט איז קיין וואָפן ניט די ציין, וואָס מייז באַזיצן,
די שאַרפסטע ציין, ווי אַלע ווייסן?
איך אָבער האָב ניט קיין געווער זיך צו באַשיצן.
עס גייען אום אַפילו קלאַנגען — עס זאָל הייסן,
אַז נעגל האָב איך — ממש שפּיזן,
ס'איז אָבער פאַלש — זיי וואָלטן זיך אַרויסגעוויזן. —
דערהערט וואָס ס'וויל פון זיי דער שונא האָבן: —
אַז זיך אַנטוואָפענען, קומט אויס,
זאָל ניט די קאַץ, נאָר גאָר די מויז, —
אין לאָך נאָך טיפער האָבן זיך די מייז פאַרגראָבן.

## דער האָז און דער יאָזש

דער האָז
האָט נושא־חן געווען ביים יאָזש.
האָט זיך דערפרייט דער פילגעיאָגטער,
וואָס אויף דער וועלט אַ פריינט פאַרמאָגט ער,
און חבר מיטן יאָזש איז ער געוואָרן.
נאָר אַז דער יאָזש האָט, ווי אַ דאָרן,
מיט זיינע שפּיזן
צום חבר זיך גענומען דריקן,
זיין ליבשאַפט אים אַרויסגעוויזן,
האָט אונדזער האָז פון אַלע גליקן,
כל־זמן אים האָבן נאָך די פיס געדינט,
זיך אָפּגעטראָגן, ווי אַ ווינט.

פאַר מיר און דיר איז קלאָר די סיבה
פאַרוואָס פון שטעכעדיקער ליבע
אַנטלאָפן איז דער האָז,
נאָר נאָך עד־היום קאָן דאָס ניט פאַרשטיין דער יאָזש.

# די צוויי עמער

צוויי עמער אויף איין קייט
און פון איין ראָד געדרייט,
נאָר, ווי צוויי שונאים אין אַ הויז,
ווען איינער קומט אַריין, דער צווייטער גייט אַרויס,
אַזוי אין חלל פונם ברונעם
געגאַנגען זיינען און געקומען
די עמער —
צו ליכט דער פולער און דער ליידיקער אין דעמער —
און האָבן על-פי צוואַנג
באַגעגנט זיך אינמיטן גאַנג.
זיך אָנגעשטויסן אין דעם פולן,
האָט אים דער ליידיקער גענומען דולן:
— דיך, וואַסערטרעגער, ציט אַרויף,
וואו אַלץ איז קלאָר און אויבנאויף,
און מיך ציט אַלץ אַרונטער,
וואו סוד פאַרטיפט דעם וואונדער. —
האָט יענער אים מיט קאַלטער וואַסער אָפּגעגאָסן,
געזאָגט בזה-הלשון:
— אין שאָטן ציט דיך, פוסטע כלי,
דאָך נאָר דיין פוסטקייט צו פאַרהילן.
ווען דו וועסט זוכה זיין זיך אָנצופילן,
וועסטו במילא
פון דעמער
צו קלאָרקייט ציען זיך, מיין עמער! —

## די באַוול און דער זייד

די באַוול, ווייס ווי קרייד
פון קנאה צו דעם זייד,
האָט שווייגן ניט געקאָנט
און האָט איר יחוס אים דערמאָנט:
— ניט קוק וואָס איך בין אָרים,
דאָס בין איך נאָר באַשיידן: —
איך שטאַם פון אדעליקן „דרום",
אַמעריקעס גן־עדן;
מיך האָבן קנעכט באַדינט,
ווי ס'אויג אין קאָפּ געהיט;
איך האָב געגרינט,
איך האָב געבליט,
עס איז מיין וואָל אַפילו
געווען אַ ווייסע בלום, אַ שטילע,
ווי ס'פּאַסט צום אַדעליקן רומל —
אָן טומל.
דו זעסט, איך האָב ניט וואָס צו שעמען זיך,
אויב ניט צו איבערנעמען זיך. —
— און איך, מיוחס'טע דו מיינע,
דו ווייסע, פיינע, —
געענטפערט האָט דער זייד,
וואָס דאַרף זיך אויך ניט שמירן מיט קיין קרייד:
מיין יחוס־בריוו איז אָרימער פון אָרים: —
ס'האָט אויסגעשפּונען מיך אַ וואָרים,
נאָר איך אַליין בין זייד. —

# דער תליון און די שטריק

דער תליון האָט געשמירט מיט זייף
דעם תליה־שלייף
און, כאָטש זיין האַנט האָט ניט געטאָן קיין ציטער,
געשמייכלט אָבער האָט ער ביטער,
געקנייטשט דעם שטערן אין אַ קין־צייכן,
געפילט זיך לא־עליכם
(אַ תליון אויך האָט אַ געוויסן)
און צו דער שטריק גערעדט האָט ער פאַרביסן:
— מיין שטריק, מיין וויסטע,
אַ משל אויף מיין לעבן ביסטו: —
דו וואָלסט געקאָנט, שטאָט מענטשן הענגען,
צום ברעג זיך־טרינקענדיקע ברענגען.
פאַרוואָס־זשע ביסטו ניט קיין רעטונגשטריק,
נאָר גראָד אַ תליה?
אין דיר איז די מניעה?
דו זאָגסט זיך אָפּ פון גליק? . . .
אויך איך, וואָס כ׳בין געקנאָטן
פון זעלבן טייג, וואָס — אַ משיח,
בין גאָר געוואָרן מעשה־שטן
אַ תליון, טויט׳ס אַ שליח. —
— אַ גוטער משל מיט אַ פאַלשן מוסר־השכל, —
האָט פון דער שטריק ארויס גערעדט אַ בת־קול:
אוודאי איז דער שטריק קיין דעה ניט געגעבן,
נאָר אויך ניט קיין פאַרשטאַנד צו וויסן גוטס און בייז,
דער זון פון חוה, אָבער, ער פאַרשטייט און ווייס
און ווילן קאָן ער צווישן טויט און לעבן,
פאַרוואָס־זשע, מענטש, געראָטענער אין גאָט,
צום טייוול דינסטו אויפן עשאַפאָט? ! —

# דער ווײַכער

פֿון וואָס? פֿון וואַנען?
אינמיטנדרינען, ווי אַ פֿײַער,
אַ ווײַכערזײַל איז אויפֿגעשטאַנען,
אַ דרייער און אַ שרייער,
געדרייט, געפֿלויגן,
גערופֿן און געצויגן
און זאַמד געשאָטן אין די אויגן:
— צו מיר! נאָך מיר!
איך בין אַ פֿירער און איך פֿיר.
ניט שטיי! ניט ליג! ניט שימל!
איך הויב דיך אויף צום הימל. —
די וואָגיקע און די געזעצטע
געוועזן זײַנען פֿון די לעצטע
צו לאָזן זיך פֿאַרבלענדן,
צו לויפֿן הענדום-פֿענדום.
נאָר וואו אַ שטויבעלע,
אַ דרויבעלע,
אַ שפּרייעלע,
אַ הייעלע,
אַ פֿעדערל — — —
מיט איין וואָרט — יעדערער,
וואָס גייט וואוהין די ווינטן בלאָזן,
האָט צו דעם ווײַכער לויפֿן זיך געלאָזן.
מען האָט געפֿריידט זיך,
אין ראָד געדרייט זיך,
געטאַנצט, ווי שדים, ווילד
און, אויסגעשעפּט און אויסגעשפּילט —
געפֿריידט זיך נאָר אומזיסט —
צעפֿאַלן איז מען זיך אין מיסט.

## די באַליידיקטע שפּין

אין פענצטער, וואו די פליגן פליען,
פאַרכאַפּט דעם אויבנאָן, פאַרשפּינט איר אייגנטום
מיט פעדים זיידענע, וואָס גליען,
וואָס פאַנגען ניט נאָר פליגן, — אויך די זון, —
האָט זיך צעשפּרייט, אַן אָנגעזויפּענע
מיט יענעמס בלוט,
די שפּין די טריפה׳נע
און האָט גערוט.
— טיראַן ! —
האָט אויסגעכליפּעט
איר קרבן, וואָס האָט נאָך געזשיפּעט.
— צי בין איך דען אַ קיסר צי אַ כאַן ? —
האָט זיך די שפּין באַליידיקט
און אויך פאַרטיידיקט :
איך בין אַ פּראָסטע בירגערין, מיין פליג,
אַ בירגערין פון דער אינזעקטן־רעפּובליק.
איך גלויב אין פרייהייט, גלייכהייט, רעכט אויף גליק.
איך האָב אַ רעכט אַ נעסט, אַ נעץ זיך שטריקן,
ווי ס׳האָט די פליג אַ רעכט אין נעץ אַריין ניט גיין.
צי טרייב איך דען אין נעץ מיט געוואַלד אייך, פליגן ?
איר פליט אַריין אליין.
און אַז איר קומט און רייסט און ברעכט מיין נעסט,
זאָל איך אייך אויפנעמען, ווי אָנגעלייגטע געסט ?
איך בין ניט שלעכט,
נאָר צו פאַרברעכער טו איך זייער רעכט. —
אַזוי האָט זי, די שפּין, איר קרבן „איבערצייגט“,
אַ דרשה׳לע אָוועקגעלייגט, אַוועקגעלאַיגט.

# די באַלעבאָסטע און די הינער

א הינדל האָט געלייגט דאָס ערשטע איי.
כאָטש ס'איז געווען אַ קליינס, ווי פון אַ טייבל,
אַ קויטיקס און מיט בלוט באַמאָלן
(עס איז דער הינדל אָנגעקומען מיט פיל וויי),
דאָך האָט פון דעם די באַלעבאָסטע אָנגעקוואָלן,
אַ צווייטער ווייבל
באַוויזן דאָס אַפילו,
אינגאַנצן גאָר פאַרגעסן,
אַז מ'קאָן נאָך געבן אַ בייז אויג, חלילה.
און, ווען זי האָט געגעבן עסן
די עופות אַלעמען צוזאַמען,
האָט זי דער יונגער מאַמען
באַזונדער צוגעשאָטן נאָך אַ ביסל פּראָסע.
האָט דאָס אַן אַלטער הון פאַרדראָסן
און, קוקנדיק קאָסאָקע,
האָט זי צו אירע חבר'טעס געקוואָקעט:
— אָט האָסטו
גערעכטיקייט פון אַ באַלעבאָסטע!
נו, ווען מען קומט מער דאַנק, אַשטייגער: —
צי אונדז, די אַלטע אייערלייגער,
צי איר, דער ניטגעראָטענער געווינערין? —
— פאַרשטיי, דו ניטפאַרגינערין! —
גע'מוסר'ט האָט די אידענע
די הון די אומצופרידענע:
פאַר די, וואָס האָבן אייער שוין געלייגט אַ סך,
איז אייער לייגן ניט קיין שווערע זאַך.
דער יונגער אָבער קומט עס אָן מיט בלוט,
איז רעכט דעריבער איר צו געבן מוט. —

# דאָס נאָזטיכל און די בלום

דאָס נאָזטיכל, וואָס איז אַמאָל פאַרשעמט געווען,
באַהאַלטן ניט צום זען
און וואָס אַצינדערט פראַנק און פריי
עם פאַראַדירט מיט פאַרבן־רעש
אַרויסגעשטעקט פון רעקל׳ס העכסטן טאַש, —
דאָס נאָזטיכל האָט צו דער בלום אין לאַץ דערביי
געזאָגט מיט גדולה, און מיט פרייד,
און מיט אַ שטאָך אין זיינע רייד:
— ווי שמעקט דיר, איידעלע און שיינע,
צו זיין אַ נאָזטיכל׳ס אַ שכנה?
דו ביסט שוין ניט די קרוין
און איך ניט דער המון.
איצט זיינען מיר אַ גלייכע פּאָר,
מיר ביידע פאַר דער זעלבער נאָז, — ניט וואָר?
הוראַ! וויוואַט! —
— אומזיסט דיין שמחה, פאַניבראַט! —
האָט זיך צעלאַכט די בלום דערויף:
די גלייכהייט איז בלויז אויבנאויף,
ווייל שמעקן שמעקט מען מיך נאָך היינט,
און שנייצן שנייצט מען אַלץ אין דיר, מיין פריינט! —

# די קאַפּאָטע און די העמד

די ייִדענע קאַפּאָטע האָט פאַרשעמט
די לייוונטענע אונטערהעמד:
— דו מעגסט דיר זיין אַפילו נעענטער צום לייב,
ביסטו אַ קעפּסווייב, איך — אַ ווייב.
דו ביסט אַ שאַנד, ביסט טמא, טריף,
וויפיל דו זאָלסט ניט וואַשן זיך מיט זייף.
עס וועט קיין מענטש, וואָס האַלט זיין כבוד טייער,
זיך אין איין העמד ניט ווייזן, סיידן אין אַ פייער,
ווייל יעדער ווייס עס, חוץ דעם פּרא־אָדם: —
אַ מענטשן משפּט מען לויט זיינע בגדים. —
— דער משפּט איז פון מענטשן, ניט פון גאָט, —
געענטפערט האָט די העמד איר אויפן שפּאָט:
אַ ראיה האָסטו: — ווען עס קומט דער רוף
צו גאָט׳ס געריכט זיך שטעלן,
ניט אין אַ ייִדענער קאַפּאָטע גייט דער גוף
זיין פאָטער וואָס אין הימל צו געפעלן,
נאָר אין תכריכים, אין איין העמד געקליידט,
אינטים און פּשוט, ווי ער שטייט און גייט. —

## דער בעזים

דער בעזים האָט גערעמט דאָס הויז.
געוויינטלעך קאָן אַ בעזים ראַמען,
נאָר דער,
וואָס בעזימער
פון ריטלעך בינדט צוזאַמען,
האָט אונדזער בעזים גראָד געבונדן לויז.
דער בעזים האָט דעם דיל מיט פליים געריבן
און שטרענג דעם מיסט געטריבן,
אַז ס'איז קיין ברעקל ניט געבליבן,
נאָר תיכּף אויפן ריינעם אָרט
געלאָזט פון זיך אַליין אַ ריטל דאָ און דאָרט.
— אויף מיינע שונאים! —
האָט רויט אין פּנים,
די באַלעבאָסטע, אויפן בעזים אויפגעטראָגן,
געהאַט צו זינגען און צו זאָגן:
דיין עובדא איז צו מאַכן ריין,
צום סוף גאָר מיסטיקסטו אַליין! —

---

פאַראַן אַ מאָראַליסט,
וואָס רייניקט יענעמס מיסט,
נאָר הינטער זיך
לאָזט ער איבער שמוץ פון זיינע שיך.

## דאָס צעפּוילטע האַלץ

ס׳צעפּוילטע האָלץ, וואָס לויכט ביינאַכט,
האָט כלאמר,
אַזוי צו זאָגן, צו דעם וואַלד געמאַכט:
— זאָגט הלל, ביימער!
איך בין אַ הייליקער: איך שטראַל מיט ליכט.
גאָט׳ס שכינה רוט אויף מיין געזיכט. —
דערהערט אַזוינס און זוכה אויך געווען
דעם צדיק׳ס ליכט אַליין צו זען,
האָט זיך דער לולב פרום געבוקט,
און די הושענא האָט געצוקט,
און נאָך אַזאַ באַבלעטערט בינטל,
וואָס כורעים פאַלט עס פאַרן מינדסטן ווינטל,
געפּליסטערט האָט אַ תפילה.
די סאָסנע אָבער און דער דעמב פון דער קהילה
געשטאַנען זיינען טראַציק, שטאָלץ.
— איר, יאָלדן! —
דעם עולם האָבן זיי געמאָלדן:
ניט הייליק, נאָר צעפּוילט איז גאָר דאָס האָלץ! —

## די פישערנעץ

אַ בטלן צי אַ לץ,
באַטראַכטנדיק אַ ווײַלע
די פישערנעץ,
האָט איר געפרעגט אַ שאלה:
— איז דען כדאַי
צו האָבן אַ געשעפט מיט קאָרק און בלײַ,
וואָס קאָנען צווישן זיך ניט שטימען? —
ווען קאָרק וויל אויבן, אויפן וואַסער שווימען,
וויל בלײַ גאָר זינקען צו דעם גרונט. —
— אָט טאַקע דאָ באַגראָבן איז דער הונט.
עס לוינט זיך גראָד צוליב דער רײַסערײַ, —
האָט אים די נעץ געענטפערט פראַנק און פרײַ:
ווען קאָרק אַרויף און בלײַ אַרונטער ציט,
כאַפּט פיש די נעץ אינמיט. —

---

אַוודאַי איז ניט רעכט אַזוי,
נאָר געצן זײַנען שלעכט און שלוי.

## די שוועל און דער קנאַפּל

די שוועל, וואָס האַלב איז זי אין הויז און האַלב אינדרויסן,
האָט אונטער שווערע פיס געקרעכצט אַ קרעכץ אַ גרויסן:
— מען טרעט אויף מיר פון ביידע זײַטן —
עס טרעטן די, וואָס קומען, און די, וואָס גייען. —
— אַזוי איז שוין אין אַלע צײַטן
די שטראָף פון די, וואָס טײַלן זיך אויף צווייען, —
האָט אין דער שוועל אַ קנאַפּל אײַנגעקריצט דעם זין:
אַז דו ביסט ניט אַהער און ניט אַהין. —

# דער קוימען

צוגלייך מיט טורמס און קופּאָלן
און מיט דער פלאַטערדיקער פאָן
איז אויפן דאַכשפּיץ אויבנאָן
געשטאַנען שטאָלץ און אָנגעדראָלן
דער פּראָסטער קוימען,
געבלאָזן פון זיך און פון רויך געשפּינט,
געפּלאָנטערט טרוימען,
געהוזשעט פול מיט ווינט:
— אַז כ׳שטיי מיט אַלע פּני פון מויער אויבן,
איז ניט אומזיסט: — איך בין דערהויבן, —
אַזוי האָט אים געוואָלט זיך גלויבן:
פאַרוואָר, איך בין אַ צירונג-זייל
און פאַר אַ מייל
באַוואונדערן מיך הונדערטער פאַרערער. —
— פאַר וואָסער פראַכט? —
האָט מיט אַ בעזים אים דאָס מויל פאַרמאַכט
דער קוימענקערער:
דיין אָרט מעג זיין ווי הויך,
אין מיט פון טורם און קופּאָל און פאָן,
נאָר אויב דו ביסט אַ קוימען פול מיט רויך,
קיין שיינדל ביסטו אַלץ ניט אויבנאָן. —

## די וועספּ און די בין

די וועספּ, די טריפה האַלדז,
וואָס עסט און טרינקט פון אַלץ
און קריכט צו דיר אין טעלער,
נאָר טאָן אַן אַרבעט — האָט זי ניט קיין „וועלער", —
די וועספּ האָט ערגעץ צווישן בלומען
זיך מיט דער האָניק־בין צונויפגעקומען.
— הער אויס מיין טענה,
דו קרובה מיינע! —
געזשומעט האָט זי צו דער בין:
מיר זיינען פון איין מין,
דיך אָבער אַכט מען,
פאַר דיר אַ היים, אַ בינשטאָק מאַכט מען,
און איך, אַז כ׳ווייז זיך פאַר די אויגן
(פון שמעקנדיקן מאכל צוגעצויגן),
פאַרפאָלגט מען מיך, מען שמייסט מיט טיכער,
אַז מיטן לעבן בין איך ניט זיכער. —
— און האָניק מאַכסטו, שוועסטער־לעבן? —
האָט ביי דער וועספּ די בין אַ פרעג געגעבן.
— דאָס שמעקט דאָך שוין מיט אַרבעט, בינע! —
האָט יענע איר געענטפערט מיט אַ קרומער מינע.
— וואָס? ניין? —
האָט ניט געקאָנט די בין פאַרשטיין:
נאָר פרעסן, זויפן?
און דו ווילסט נאָך געפינען חן?
פאַר וועלכע מעשים־טובים? —

## דער אָדלער און דאָס בלומענפייגעלע

דער אָדלער גרויס און שטאַרק
האָט מיט זיין רויב צוריק צום שפּיץ פון באַרג
געוואָלט שוין שטייגן און די הימלען שפּאַלטן,
נאָר אינם בליענדיקן טאָל
דאָס בלומענפייגעלע דערזען צום ערשטן מאָל,
האָט אים דער נייגיר אויף אַ ווייל פאַרהאַלטן.
— איך קוק אויף דיינע פליגעלעך און לאַך, —
האָט צו דעם פּיצעלע געזאָגט דער ריז, דער גיבור:
זיי זיינען שפּינוועבס — דורכזיכטיק און שוואַך.
יאָ, שטאַרקע פליגל מיינע, נעמט זיך איבער! —
און שטאָלץ די פליגל זיינע האָט ער אויסגעשפּרייט
אין זייער גאַנצער לענג און ברייט.
דאָס בלומענפייגעלע אין פּחד פאַר זיין לעבן
האָט זיך מיט אַ באַהעלטעניש פאַרזאָרגט אויפפריער
און צו דעם קעניג פון די פליער
אַ זאָג האָט עס געגעבן:
— איז וואָס אַז מיינע פליגל זיינען שוואַך און קליין!
אַ נפש טראָגן זיי, וואָס איז פון גזלה ריין.
אָט דיינע פליגל זיינען גרויס און האָבן כוח,
זיי דינען אָבער אַ רוצח! —

## די ציכטיקע קאַץ

די קאַץ האָט זיך געוואַשן, ווי געווײנטלעך: —
געזוכט אין פעלכל מיט די צײנדלעך,
באַלעקט זיך מיטן צינגל,
ניט דורכגעלאָזט קײן שפּרינקל
אַפילו אויפן עקל.
געוואָרן פאַרטיק מיטן טואַלעט,
האָט מיט דער לאַפּקע איבערן בעקל
די קאַץ געגעבן זיך אַלײן אַ גלעט
און אָנגעהויבן מורקען, לויבן זיך אַלײן:
— כ'בין רײן און ציכטיק — אַ מחיה.
איך וואַש זיך מער פון יעדער אנדער חיה.
כ'בין זײער, זײער רײן. ——
נאָר פּלוצלינג אויף איר בראָך
דאַרף גראָד אַרוים אַ מײזל פון אַ לאָך
און — אוי, אַ גרויל! —
די קאַץ, וואָס האָט זיך מיט איר ציכטיקײט באַרימט,
געגעבן האָט אַ כאַפּ די מיאוסקײט אין מויל
און זיך אַפילו ניט פאַרקרימט.

## די הון די פליערקע

דער הויף איז כאַדאָראָם געגאַנגען:
די הון האָט זיך געקליבן פליען.
זי האָט געקוואָקעט און געשריען;
אַרומגעפּאַדעט אויפן פּלויט און אויף די שטאַנגען,
אויף וועלכע ס׳איז געשיר געהאַנגען;
אַראָפּגעוואָרפן מיט אַ קראַך אַ קריגל,
דערשרעקנדיק אויף טויט די שלאָפנדיקע קאַץ;
אַרומגעלאָפן, ניט געפונען זיך קיין פּלאַץ;
געפּאָכעט מיט די פליגל,
אַז ס׳האָבן זיך געווירבלט שטויב און פעדערן,
און מיט אַ יעדערן,
מיט וועמען נאָר זי האָט באַגעגנט זיך,
האָט זי געזעגנט זיך:
— פאַרבלייב געזונט, מיין קאַץ, דו פוילע קלאַץ!
פאַרבלייב געזונט, דו ראַבטשיק אויפן שטריק!
אַדיע, מיין פּעטאַך, ווינטש מיר גליק:
איך פלי אַוועק קיין האַציפּלאַץ. —
צום סוף
האָט אונדזער הון די הייסע,
די פליערקע די גרויסע
מיט די קליינע פליגל פון אַן עוף,
אין דעם קאַטוך פאַרקליבן זיך, געזעסן,
געלייגט אַן איי, צו פליען גאָר פאַרגעסן.

# די ציג און איר בעקעלע

זינט ציגן האָבן זיך געציגלט
האָט נאָך קיין ציג ניט אויסגעציגלט קיינמאָל
אַ בעקעלע אַזאַ, אַ בעקעלע שוין איינמאָל!
עס שפּיגלט זיך און שפּיגלט
די מאַמע מיגל אין איר בעקעלע,
זי שמעקט עס,
זי לעקט עס
פון קעפּעלע ביז צו זיין עקעלע
און ווערט צעשמאָלצן פאַר התפּעלות.
אַ קלייניקייט, עס איז מיט אַלע מעלות: —
עס וואַקסט אַ טענצער און אַ שפּרינגער,
עס ציקלט זיך — ס'וועט זיין אַ זינגער,
עס שטויסט זיך אין געראַנגל, ווי אַ העלד,
היינט, אַ קראַסאַוועץ — איינער אין דער וועלט!
באַשליסט די מאַמע: ס'איז אַ וואונדערקינד.
זי נעמט איר בעקעלע און גייט געשווינד, —
זי גייט ניט, נאָר זי שפּרינגט
און אויף איר האַלדז דאָס גלעקל קלינגט, —
זי קומט צום פּוקס, דעם חכם,
און וואַרט מיט גרויס בטחון
פון אים צו הערן,
אַז אויפגעגאַנגען איז אַ נייער שטערן.
פאַרהערט, באַטראַכט,
האָט צו דער ציג דער פּוקס אַזוי געמאַכט:
— כל־זמן עס איז אַ שנעקל,
איז ניט אָן חן דיין בעקל,
נאָר קלינג ניט, מאַמע, אין דיין גלאָק, —
דיין קינד וועט אויסוואַקסן אַ גרויסער באָק! —

# דאָס קעצל און די מייז

דאָס קעצל,
זיך אָנגעכליעפּטשעט זאַט מיט מילך פון טעצל,
האָט שפּילן זיך געוואָלט:
עס האָט אַ באָל געפונען און געראָלט,
עס האָט זיך אָנגעהאַנגען אין אַ פאָרהאַנג־טראָלד,
עס האָט געדרייט זיך אין אַ קרייז,
געיאָגט זיך נאָכן עק,
צום סוף איז צו דער נאָרע פון די מייז
די שטיפערקע אַוועק.
— ניט שרעקט זיך, מייזעלעך, פאַר מיר! —
האָט זי געמיאַוקעט ביי דער טיר:
איך בין אַ זאַטע היינט,
אַ קאָטינקע אַ פיינע.
ניט אויפצועסן אייך איז די כונה מיינע,
איך וויל מיט אייך זיך שפּילן, ווי אַ פריינט. —
— גיי בעסער, קאָטינקע, זיך שפּילן מיטן הונט, —
געענטפערט האָבן איר די מייז פון זייער לאָך:
פאַר אונדז דיין חבר׳שאַפט איז ניט געזונט,
פאַר דיר — אַ שפּיל, פאַר אונדז — אַ בראָך. —

# די שיכור׳ע פליג

די פליג, די ראַשערין,
די גרויסע נאַשערין,
פאַרזוכט פון ווייַן ניט מערער ווי אַ לעק,
נאָר וויפל טרינקען דאַרף אַ שנעק,
אַז ס׳זאָל דאָס קעפל כאַדאָראָם אַוועק? —
די פליג איז מיטאמאָל געוואָרן אַ בויאַנקע,
אַ כוליגאַנקע: —
זי האָט געכאַפּט זיך שלאָגן מיט אַ צווייטער פליג,
נאָר יענע האָט געגעבן איר צוריק;
זי איז אין ראָשטשינע אַריין,
ווי אין אַ זומפּ אַ שוויין,
אין ווייסן חלה-טייג געטאָפּטשעט זיך צעלאָזן,
צעפּאָכעט זיך, די זעמלמעל צעבלאָזן,
געמאַכט דאָרט אַ פּאָגראָם —
פון גרויס קוראַזש און ווייַן באַטרונקען,
אַליין ניט שיעור פאַרזונקען
דאָרט, אין דער ראָשטשינע, ווי אין אַ תהום;
זי האָט געזעצט זיך אויף אַן אָפן ספר
און מיט אַ פינטעלע אַ טריפה׳ר
פאַרשוועכט אַ שם, וואָס איז צום לויבן.
זי האָט געוואָלט נאָך ברעכן פענצטערשויבן,
געשליידערט זיך אין גלאָז,
געטראַסקעט מיט איר גאַנצן גוף און גאַנצן כוח,
נאָר איז געבליבן מיט אַ נאָז: —
די יורש׳טע פון לוט און נח
האָט נאָר די זייטן זיך צעבראָכן
און אין אַ ווינקעלע אין קויט
ניט-לעבעדיק, ניט-טויט
איז שלאָפן די שיכור׳ניצע פאַרקראָכן.

# דער פאַרקלעמטער חזיר

דער חזיר איז אַרומגעגאַנגען פּוסטעפּאַס
(אין בלאָטע האָט ער שוין זיך אויסגעבאָדן),
געשלעפּט זיין טרעלבויך ווי אַ פאַס,
געקרעכצט פון שווערקייט מיט אַ באַס
און רק געזוכט צו אָנטאָן שאָדן.
דערזען אַ לאָך אין פלויט
און דורכן לאָך — אַ היפּטל קרויט,
אַהין האָט ער גענומען שמעקן,
זיין שנוק אַ שטעק געטאָן און איז געבליבן שטעקן,
פאַרקלעמט געוואָרן — ניט אַרויס און ניט אַריין.
אויף טויט דערשראָקן, האָט דער שוויין
צעקוויטשעט זיך באַנומען
(האָט מיטאמאָל גאָר אַ פאַלצעט באַקומען),
אַז אָנגעלאָפן זיך איז קליין און גרויס
מיט ראַבטשיקן פאָרויס.
— שוין ווידער זיך פאַרקלעמט,
מנובל איינער! —
האָט ראַבטשיק אויסגעשטשירעט זיינע ציינער
און ניט געטראַכט, זיך ניט געשעמט,
געשלעפּט פאַר זיין געקרויזטן עק דעם שוויין,
ווי פאַר אַ פאה, להבדיל זאָל עס זיין.
— אַז איך בין דיק, — האָט בשר־קוויטש פאַרענטפערט זיך.
— אַז ער איז, נעבעך, דיק, פאַרקלעמט ער זיך! —
איז ראַבטשיק אויפגעשפּרונגען, ווי אַ לץ,
און זיך אַריינגעביסן אינם חזיר־פעטס:
ניט זיי קיין שעדיקער, קיין ברעכער,
ניט רוק דיין שנוק אין אַלע ענגע לעכער! —

# דער חזיר און די קאַץ

דער חזיר, דער מנובל דער באַרימטער,
וואָס וואו אַ רינשטאָק, דאָרטן שווימט ער,
האָט אין אַ זומפּ אַן אָפּגעצאַמטן מיט אַ פּלויט,
צו באָדן זיך אין קויט,
ווי ער האָט האָלט,
אַריינצוברעכן זיך געוואָלט.
— גיב אַכטונג, חזיר, קוק
וואוהין דו שטעקסט דיין שנוק! —
האָט אים די קאַץ געוואָרנט פונם פּלויט אַראָפּ:
מען זאָגט, די בלאָטע דאָ איז איבערן קאָפּ. —
— פאַר בלאָטע שרעקט זיך ניט קיין חזיר אָפּ, —
האָט מעשה גאַנצער מאַכער
געזאָגט דער דבר־אחר
און, אויף זיין בראָך,
געפונען האָט ער אינם פּלויט אַ לאָך
און איז אַריין אין זומפּ און איינגעזונקען.
— אַ מצוה, פּיין! —
האָט, ריין זיך וואַשנדיק, די קאַץ געדרונגען:
ניט קריך אין בלאָטע, שוויין,
און זינק ניט איין! —

## די כוואַטסקע פליג

די כוואַטסקע הויז-פליג האָט אַ וועלט געברענט: —
געטאַנצט אויף גלאָז אין פענצטער, זיך געדרייט, געקערט;
געקראָכן אויף די גלייכע ווענט;
געגאַנגען אויף דער סטעליע, אָט ווי אויף דער ערד;
געקלעטערט, ווי אַ מאַלפּעלע, געשיקט
אויף דעם עלעקטריק-שנור און זיך אויף אים געוויגט,
ווי אין אַ צירק דער מאַן אויף דער טראַפּעזע.
צולעצט,
באַרוישט פון אירע גראַנדיעזע
דערפאָלגן ביזקל יעצט,
איז אונדזער העלדין אין איר גליק
צו גיין, ווי אויף אַ שטריק,
אויף שפּינוועבס — דיר געוועזן אַ בעלן
און צו דער שפין אין נעץ אַליין
איז נאַריש און ניט שיין
די כוואַטסקע פליג אַריינגעפאַלן.

# דער פוקס

דער כיטרער פוקס, דער הינערפרעסער,
האָט הינטער ריגלען, הינטער שלעסער
אַ וועג געפונען צום קאַטוך
און שטיל, אַז הערן זאָל מען ניט זיין דוך,
כפרות האָט ער נאַכט נאָך נאַכט געשלאָגן.
און אַז עס זאָלן אויף זיין שולד ניט עדות זאָגן
די פיסטריט זיינע אויף דער ערד,
האָט זייער שטעג
דער גנב הינטער זיך פאַרקערט,
ווי מיט אַ בעזים, מיט זיין לאַנגן עק, —
און זיי אַ חכם און דערקען
ווער איז צוגאַסט געווען.
אַריבער איז איין מאָרגן און אַ צווייטער
און אַ צעטומלטער און אַ צעדרייטער
האָט זיך געקראַצט אין קאָפּ דער באַלעבאָס
און טראַכטן ניט געוואוסט פון וואָס.
נאָר אויפן דריטן מאָרגן האָט ער זיך געכאַפּט:
— אוי, כיטרער גנב, איך האָב דיך דערטאַפּט.
דו האָסט פאַרקערט די פיסטריט מיט דיין עק,
נאָר פון דעם עק אַליין האָסטו געלאָזט אַ שטעג. —
און מיט דעם סליאַד איז ער אַוועק
און האָט געפּאַקט דעם פוקס אין נאָרע,
נאָך גריזשענדיק אַ ביין פון אַ כפרה.

# דער זומפּ און דאָס אַקערפעלד

דער זומפּ האָט צו דעם אַקערפעלד, זיין שכן,
געזאָגט מיט עזות און נצחון:
— פאַרגעסן האָט דיך גאָט, מיין קרוב!
דער אַקער מאַכט דיך חרוב,
די זריעה זויגט דיין חיות אויס
און, וואָס עס וואַקסט ביי דיר אין שוים,
גראָבט אויס דער אייזן, שניידט אָפּ דער מעסער.
צו מיר איז די השגחה בעסער.
— די מעשה איז פאַרקערט, —
געענטפערט האָט דאָס פעלד, די קולטיווירטע ערד:
גאָר דיך האָט גאָט פאַרגעסן און פאַרזען —
ער האָט אין דיר מייאש זיך געווען.
מישטיינס געזאָגט, וואָס וואַקסן קאָן שוין פון דיין באָדן!
און איך — אַ חוץ מיין שאָדן
אויף דיר געזאָגט מיין מזל-ברכה.
מיך קולטיווירן לוינט זיך דער השגחה. —

## די צוויי פערד

דאָס לאַסט-פערד מיט די ברייטע ביינער,
פון שוויים אַ נאַסער, ניט קיין ריינער,
האָט פאַר דעם רייט-פערדל דעם נעטן,
וואָס לויפט אויף פריז-געוועטן,
געבראַכט צו פירן פראָוויאַנט.
בשעת דער פורמאַן האָט פון וואָגן
אין שטאַל אַריין די זעק געטראָגן,
האָט, אינם וואָגן איינגעשפּאַנט,
צעהירזשעט זיך דאָס האָרעפּאַשנע פערד,
געלאָזט זיין ברודער גריסן.
דאָס רייט-פערדל האָט, אָבער, שטאָלץ זיך אָפּגעקערט,
די נאָז פאַרריסן,
געגעבן אים צו וויסן:
— איך בין דיר ניט קיין פּאַניבראַט. —
— וואָס נעמסטו איבער זיך, אַריסטאָקראַט? —
האָט אים געזאָגט דאָס לאַסט-פערד מיט פאַרדראָס:
צי טרייבט דיך ניט דער באַלעבאָס
מיט צוים, וואָס רייסט,
מיט בייטש, וואָס שמייסט,
אַזוי ווי אַלע פערד?
דאָס פערדיש לעבן אויף דער ערד
איז שווער און ביטער,
צו וואָס נאָך צווישן פערד דער שפּליטער? —

# די ווינטמיל און דאָס מילכל

דאָס מילכל,
דאָס שפּילכל,
וואָס מאָלט בלויז אויפצופּלייסן,
נאָר שנעל, ווי עס וואָלט אויפטאָן מעשים,
האָט מיט דער ווינטמיל זיך גערייצט:
— אויף דיר אַ קוק צו טאָן — אַ ריז, אַ גיבור!
דאָך שלעפּסטו שווער די פליגלען, ווי אַ קרייץ,
און איך, אַ שנעקל, יאָג דיך איבער. —
— איך מאָל אַזוי געשווינד,
ווי עס דערלויבן נאָר דער מילשטיין און דער ווינט, —
האָט אים די מיל קיין ענטפער ניט פאַרפעלט:
און, גאָט צו דאַנקען, מיין מלאכה
איז ניט אַן מזל־ברכה.
נאָר דו, מיין גרויסער העלד,
וואָס קומט אַרויס וואָס דו ביסט שנעל,
אַז פון דיין מאָלן זעט מען ניט קיין מעל? —

## דער שמעטערלינג מיט די פיר פליגלען

### נאָך פּיער לאַשאַמבאָדי (1872-1807)

דער שמעטערלינג, וואָס פליגלען פיר פאַרמאָגט,
האָט גדלות׳דיק געזאָגט:
— איך שטייג דעם אָדלער איבער: —
צוויי פליגלען בלויז האָט ער, און איך האָב — פיר. —
— ווי קומסטו צו דעם אָדלער, ליבער! —
האָט אַ סאַטיר
פון שמעטערלינג געלאַכט:
דו מעגסט אַפילו האָבן פליגלען אַכט,
וועסטו ניט פליען הויך און ווייט אויף זיי,
ווי ס׳פליט דער אָדלער בלויז אויף צוויי. —

# דער בלומענקוסט און דער פרוכטבוים

דער בלומענקוסט אין זיין מאַיאָווער פּראַכט
האָט אויפן פרוכטבוים מיט זיין קליינער בליאונג
געקוקט מיט ביטול'ער באַציאונג
און האָט פון אים געלאַכט:
— קוק אָן נאָר דעם פאַרשוין
מיט דער צעבליטער קרוין!
צי ווילסטו, בוים, ניט אפשר קאָנקורירן
מיט מיינע בלענדיקע קאָלירן? —
— אַז דו ביסט גאָר אַ צאַצקע, אַן אַנטיק,
איז דאָך ניט שייך גאָר צו ריידן, —
געענטפערט האָט דער בוים צוריק:
דאָך בין איך ניט געפאַלן, וואָס איך בלי באַשיידן.
ווייל, פוסטער צווייט,
מער ווי דיין בליעכץ האָסטו ניט,
און ווען די בליאונגצייט פאַרבייגיין,
אַן שפּור פאַרשווינדן וועלן דיינע בלומען,
איך אָבער וועל אויף מיינע פולע צווייגן
נאָך טראָגן פּירות, זים צום גומען. —

# דער דאָרן

ווייזט אויס, דער גערטנער האָט פאַרטראַכט זיך,
בשעת ער האָט די רויז באַגאָסן,
ווייל זי האָט אים אַ שטאָך געטאָן ביז בלוט.
אַ שטאָך. נו, מילא, ס׳מאַכט זיך.
עס האָט דעם גערטנער ניט פאַרדראָסן
און ווייטער אויך אין גוטן מוט,
נאָר מיט מער פאָרזיכט בלויז,
האָט ער באַדינט די שטעכעדיקע רויז.
דאָס האָט געזען דער פראָסטער דארער דאָרן,
וואָס איז פון קנאה קראַנק,
און אַ געדאַנק
געבוירן איז ביי אים געוואָרן:
— דער גערטנער דינט די רויז דערפאַר,
ווייל פאַר איר שטעכן האָט ער מורא.
וויבאַלד אַזוי בין איך אַ נאַר,
איך קאָן דאָך אויך די תורה. —
און ווען דער גערטנער האָט לעם אים זיין פוס געשטעלט,
האָט אים דער דאָרן, ווי אַ קאַץ, צעקרעלט.
— אויך דו, פאַרפלוכטער דאָרן?! —
האָט אויסגעשריגן ווילד דער גערטנער אין זיין צאָרן:
פאַר וועלכער מעלה קומט פאַרגעבן דיין חסרון?
דו ביסט דאָך ניט קיין רויז,
וואָס קויפט די שטעכער אויס
מיט איר פאַרפיום און בלענד! —
און, מיט דער שער דעם דאָרן
פון וואָרצל אָפּגעשאָרן,
האָט אים דער גערטנער באַלד פאַרברענט.

# דאָס פערד און דער קעמל

דאָס פערד, אויף וועמען ס׳האָט דער מענטש געריטן,
מיט בייטש און שפּאָר זיין לייב געשניטן,
געריסן זיינע ליפּן מיט דער צוים,
געטריבן און געיאָגט,
אַז ער האָט זיך באַגאָסן מיט אַ שוים, —
דאָס פערד האָט אויף זיין מזל זיך באַקלאָגט:
— מיין גאָט אין הימל, פאָטער מיינער וויטער!
שוין אײדער אַזאַ לעבן,
אַ הויקער וואָלסטו מיר געגעבן,
אַז ס׳זאָל באַפרייען מיך פון רייטער. —
ויהי־היום (ס׳איז גאָט אין הימל ניט געשלאָפן —
ער האָט די קלאָג געהערט)
און אונדזער פערד
האָט מיטן קעמל זיך געטראָפן.
דער קעמל האָט געטראָגן צווישן זיינע האָרבעס
אַ רייטער מיט געפּאַקטע טאָרבעס.
— אויף הויקערס, הייסט עס, רייט מען אויך, —
האָט מיט אַ זיפץ פון שפּאָר־געדריקטן בויך
דאָס אָרים פערד באַנומען
און מיט אַ צער אַ שטומען
געטראָגן וויטער
זיין רייטער.

## די קוקו

די קוקו האָט מען פֿאַרן אָדלער אָנגעקלאָגט,
און מיט אַ גלאַטער צונג
האָט זי גערעדט אין איר פֿאַרטיידיקונג:
— אַדוני מלך! וואָס מען זאָגט,
אַז כ׳האָב אַלם קינד אַרויסגעריסן
ביי מיינע שטיפֿברידער פֿון מויל דעם ביסן
און זיי אַליין פֿון נעסט אַרויסגעשטויסן,
איז אמת. אָבער זאָל דיך ניט פֿאַרדריסן,
איך זע ניט איין מיין חטא דעם גרויסן.
פֿאַרקערט, די זעלבע קינדהייט־שטות
איז גאָר אויף מיר מלמד זכות,
ווייל ס׳ווייזט, אַז כ׳בין אַ פֿויגל אַ געוואַגטער
מיט ווילן און כאַראַקטער.
אויך דאָס, וואָס איך וואַרף אונטער מיינע קינדער
אין פֿרעמדע נעסט־געזינדער,
אַז ס׳זאָלן אַנדערע זיי שפּייזן,
טוט גאָרניט קעגן מיר באַווייזן,
ווייל וועגן קייטן זאָגט מען: ס׳טראָגט דער קנעכט זיי,
דער פֿרייער ברעכט זיי. —
— אַ פֿיינע דרשה, נאָר אַ קרומע.
מאַכסט קדושה גאָר פֿון טומאה, —
האָט שטרענג אַרויסגערעדט
זיין מאַיעסטעט:
עברה אָבער איז ניט מצוה
און פֿרייהייט איז ניט פּאַראַזיטסטווע. —

# דער חזיר און די שוואַלב

דער חזיר האָט אין בלאָטע זיך געבאָדן,
געשמירט זיך מיטן קויט, ווי מיט אַ זאַלב,
און ביי דער זייט די שוואַלב
איר שנאָבל האָט מיט בלאָטע אָנגעלאָדן,
דערפון צו מאַכן, ווי פון ליים,
די ציגל פאַר איר היים.
האָט אָנגערופן זיך דער דבר־אחר:
— דו אַרכיטעקט און גרויסער מאַכער!
איך הויב ניט אָן גאָר צו פאַרשטיין
פאַרוואָס עס זיינען דיינע מעשים גוט און שיין
און מיינע — מיאוס, ביליק,
אַז צווישן אונדז איז דאָך ניטאָ קיין חילוק.
אָט גיב אַ קוק: —
דיין שנאָבל איז אין בלאָטע, ווי מיין שנוק. —
— דער חילוק איז אין ציל און ניט אין מיטל, —
האָט אויף די רייד פון ביטול
געזאָגט די שוואַלב, די בויערין:
איך ריכט זיך איין, ווייל כדי מיין נעסט צו מויערן
די בלאָטע מוז איך נוצן;
דו אָבער, צו דיין שאַנד און שמאַך,
דו ריכסט זיך איין אין בלאָטע פאַר איין זאך,
ווייל דו האָסט ליב זיך צו פאַרשמוצן. —

# דער זייגער און דאָס האַרץ

אַ זייגער,
וואָס אַ פּאָעט
האָט אין קאַמזויל געטראָגן
און וועלכער האָט געשלאָגן
אי פרי, אי שפּעט
אַלץ אויפן זעלבן שטייגער,
האָט איינמאָל זיך געווענדט צום האַרץ פון דיכטער:
— אַנטשולדיק, האַרץ, פאַר זיין דיין ריכטער,
נאָר כ'מוז דיר זאָגן,
אַז עפּעס איז מיט דיר ניט גלאַט: —
אַט שלאָגסטו פיבערהאַפט און גיך
און אַט שוין שטיל און מאַט.
מען טאָר ניט, האַרץ, אַזוי זיך פירן,
מען דאַרף זיך רעגולירן,
ווי אַט צום ביישפּיל — איך. —
— אַ דאַנק, מיין יועץ און מיין ריכטער! —
האָט אים געזאָגט דאָס האַרץ פון דיכטער:
נאָר בלייבן וועל איך שוין מיט דעם חסרון,
איך בין פון אייזן ניט געמאַכט געוואָרן. —

## די צוויי ציגן

אין טעג פון שנייען —
זאווייען,
אין טעג פון בייסנדיקע פרעסט,
ווען שפייז פעלט אוים דער חיה,
האָט מיט דער ציג, וואָס עסט
ביי מענטשן קעסט,
געטראָפן זיך די ווילדע ציג, די פרייע.
— אוי, שוועסטער, ביסטו לייביק, קיין עין־הרע! —
האָט פול מיט קנאה
באַמערקט די ציג די דינע,
וואָס לעבט שוין וואָכנלאַנג אויף קאָרע.
— מיין באַלעבאָסטע לאָזט מיך ניט פאַרוועלקן.
איך בין ביי איר אַ גאַנצע שמעלקע, —
האָט זיך באַרימט די דיקע.
— פאַרוואָס? פאַרוועָן? —
— איך בין אַ מעלקעדיקע. —
— אַזוי! און איך האָב ערשט מקנא דיר געווען,
נאָר כ׳וועל שוין ליבערשט וועלקן,
אַבי זיין פריי און זיך ניט לאָזן מעלקן. —

# דער שפּערל און די שוואַלב

דערזען, ווי עפּעס פּיקט די שוואַלב,
געפלויגן איז דער שפּערל כאַפּן אויך אַ ביסן.
— כ׳וויל אויך אַ חלק: האַלב אויף האַלב, —
געלאָזט האָט ער דער שוואַלב צו וויסן.
נאָר, צוגעקומען נאָנט
און אויסגעפונען, אַז עס פּיקט די שוואַלב גאָר בלאָטע,
זיין חלק האָט דער שפּערל מערער ניט געמאָנט
און אויף דער שוואַלב זיך שטאַרק געוואונדערט האָט ער:
— גאָר בלאָטע פּיקסטו פון דער ערד ?
וואָס טויג זי דיר — זי שפּייזט, זי נערט ?
פאַרוואָס זיך גאָר פאַרשמוצן
מיט בלאָטע, וואָס האָט ניט קיין נוצן ? —
— זאָל דיך ניט אַרן !
די בלאָטע וועט באַלוינען מיך דערפאַר, —
געענטפערט האָט די שוואַלב דערפאַרן:
קיין האַלבע אַרבעט ווייזט מען ניט קיין נאַר.
אָט פון דער בלאָטע, שפּערל גרויער,
וועל איך מיר אויסקלעפּן אַ נעסט — אַ מויער ! —

# דער אָקס און די מערעשקע

פון יאָך געריבן,
פון בייטש געטריבן,
האָט אין אַ טאָג, ווען ס'האָט די זון געפלאַקערט,
דער אָקס די ערד געאַקערט. —
געוויקט האָט שווייס די ריפּן,
געפּלייצט האָט גאַוועך פון די ליפּן,
געוואַקלט האָבן זיך די פיס, ווי לאָמע,
געפּאָכעט האָט דער אָקס מיט דער נשמה
און טרויער האָט געוויינט אין זיינע אויגן.
— העי, חבר דו, פאַרוואָס אַזויפיל טרויער? —
האָט אים געפרעגט ניט אָן באַדויער
די קליינע מערעשקע, וואָס האָט געצויגן
מיט פּליים און האַסט
אַ גרויסע לאַסט.
— אוי, פרייע בירגערין, דו פרעגסט מיך נאָך, —
האָט אויסגעזיפצט דער אָקס אין יאָך:
ווי וואויל איז דיר — דו אַרבעטסט פריי
געטריי
פאַר זיך און פאַר דיין רעפּובליק,
נאָר איך — וואו איז פון מיין מי דאָס גליק? —
איך ווער בלויז אויסגעריסן,
אַז ס'זאָל דער באַלעבאָס געניסן. —

# דער וואָוקאָלאַקע

עס זאָל אַזוי ניט טרעפן, ווי עס טרעפט, —
דער הונט אַמאָל פאַרנעמט די שטים
פון וועלפיש בלוט אין אים,
פאַרראַט דעם מענטש, אין וועמען ער האָט זיך באַהעפט,
און ווערט צוריק אַ וואָלף, אַ וואָוקאָלאַקע.
אַזוינס האָט טאַקע
מיט אונדזער פאַסטוכ׳ס הונט פּאַסירט
(אַ וואָלפיכע אַוודאי
האָט אים פאַרפירט)
און פון דער שעפסנסטאַדע,
וואָס ער אַליין האָט זי אַמאָל באַוואַכט,
געוואָרגן האָט ער לעמער נאַכט נאָך נאַכט.
מיט ביקס און קויל
אוועקגעשטעלט זיך אין פאַרהויל,
האָט אָפּגעוואַרט דער פאַסטוך דעם פאַררעטער.
אַ שאָרך פון בלעטער,
דאָס קאָצל קומט.
אַ שאָס, און ס׳וואָיעט אַ פאַרוואונדעטער דער הונט:
— דאָס לעבן שענק מיר, באַלעבאָס!
איך בין דיין טרייער הונט געווען אַזויפיל יאָרן. —
— געווען, געווען. צום סוף אַ וואָלף געוואָרן.
איז גרעסער נאָך דעריבער דער פאַרדראָס, —
האָט אים געזאָגט דער פאַסטוך אין זיין צאָרן
און מיט אַ צווייטער קויל
פאַרמאַכט דעם וואָוקאָלאַקעס מויל.

# דער אינדיק און דער אָדלער

צופוסנס פונם באַרגשפּיץ, וואו דער אָדלער טראָנט, —
צופוסנס, ווייל צום שפּיץ דערגרייכן ניט געקאָנט, —
געשטאַנען איז דער אינדיק אָנגעדראָלן,
פון קנאה ווי אַ מכה אָנגעשוואָלן,
און אין זיין חוצפּה ווידערשפּעניק
געהאָלדערט האָט ער צו דעם פייגל־קעניג:
— דאַנק אָפּ פון טראָן, וואָס ניט צו דיר געהערט!
דעם קעניגשטול בין איך גאָר ווערט: —
די קעניגלעכע פּורפּור־פאַרב באַצירט מיין קאָפּ;
אַ מלכות־צייכן אויך איז מיין טשיקאַוועך קראָפּ —
פון מלכה ושתי שטאַמט ער אָפּ.
דאַנק אָפּ פון טראָן, מיט גוטן קריך אַראָפּ,
איך זאָל ניט דאַרפן
מיט בייזן דיך אַרונטערוואַרפן! —
— ניין, ניט מיט גוטן נעמען, ניט מיט בייזן רויבן
וועסטו דעם הויכן טראָן, —
געענטפערט האָט מען אים פון אויבן:
ווייל דאָס צו טאָן,
באַדאַרפסטו גרייכן אים צוערשט.
פאַר דעם איז חוצפּה ניט גענוג, — דו הערסט? —
מען דאַרף נאָך קאָנען פליען אויך
און טאַקע הויך. —

# דער באָק און דער הונט

דער באָק, דער גרויסער,
דער פילבארימטער שטויסער,
דער שרעק
פון אַלע בעק,
דער העלד פון אַלע ציגן אין דער סטאַדע, —
דער באָק איז איינמאָל, ווען ער איז, אַוודאי,
אַריינגעשפרונגען אין פאַרצאַמטן קאָרן,
באַפאַלן פון דעם הונט געוואָרן.
האָט אונדזער באָק די הערנער אָנגעשטעלט צום שטויס,
די באָרד געטרייסלט, שטאָלץ ביי זיך און גרויס,
און אויסגעמעקעט מיט בראַוואַדאַ:
— צי ווייסטו קעגן וועמען, כלב איינער,
דו שטשירעסט דיינע ציינער?
אַ מלך בין איך אין מיין סטאַדע. —
— או־וואַ! אַט לייג איך זיך צו דיינע פיס אַוועק, —
האָט פון דעם באָק דער הונט געשפּעט:
דו מעגסט ביי דיינע ציגן זיין אַ מאַיעסטעט,
ביי מיר ביסטו אַ באָק, ווי אַלע בעק! —

## דער בינענצוכטער און די בינען

דער זשעדנער בינענצוכטער האָט דעם גאַנצן זיסן ברויט,
דעם גאַנצן האָניק ביי די בינען צוגענומען,
זיי גאָרנישט ניט געלאָזן פאַר דער ווינטער-נויט.
שוין נאָכן ערשטן פרעסטל, וואָס פאַרדאַרבט די בלומען,
צו הונגערן איז די באַרויבטע אויסגעקומען.
ויהי-היום, ווען ס'האָט דער זאַטער
עקספּלואַטאַטאָר
אַרום דעם אויסגערויבטן בינשטאָק זיך באַוויזן,
באַפאַלן זיינען אים די בינען מיט פאַר'סמ'טע שפּיזן.
— מיר גייען אוים פון הונגער, באַלעבאָס! —
געזשומעט האָבן זיי, געמורמלט מיט פאַרדראָס:
איז דאָס דער שכר דער שווער-פאַרדינטער
פאַר אונדזער זומער-מי —
צו שטאַרבן מיט אַ הונגערטויט פאַרפרי,
נאָך ערב-ווינטער? —
— איז וואָס-זשע ווילט איר פון מיין לעבן? —
האָט מעשה-תם דער רויבער,
צום ווייגעשריי אַ טויבער,
אַ זאָגעלע געגעבן:
בין איך דען פאַר די קעלטן ערוב?
האָב איך געמאַכט די בלומען חרוב?
אַ שלעכטע צייט, איז דאַרף מען זיין געדולדיק. —
— ניט פאַר די קעלטן ביסטו שולדיק,
נאָר פאַרן רויבן אונדזער זיסן ברויט,
דעם אָנגעגרייטן פאַר אַ נויט, —
געענטפערט האָט דער בינען-ראָי דעם „תם"
און האָט די שפּיזן מיטן סם
אַריינגעשטאָכן אים אין פּנים און אין קאַרק,
אַז ער איז אויפגעשוואָלן, ווי אַ באַרג.

# די קראָ און די טויב

זינט ס׳איז געפאַלן פון אַ קויל
דער וואָלף, וואָס האָט געהאַלטן אַלעמען אין גרויל,
האָט אָפּגעאָטעמט פריי דער וואַלד —
אַ סוף צום גוואַלד!
נאָר בלויז די קלאָגמוטער, די קראָ
האָט זיך צעקראַקעט, לאמר:
— וואָס טוט זיך דאָ ?! —
די ווילדע ציג שפּרינגט אויף דיביימער,
דער האָז איז דאָך אַ העלד אַ גאַנצער,
דער יאָזש באַהאַלט זיך ניט אין פּאַנצער,
צעלאָזן לויפט דער הירש אין לויף אין פרייען —
ניטאָ קיין פאַרכט, ניטאָ קיין דין און דיין. —
— העי מומינקע, מען קען דיך, —
האָט איר געזאָגט די טויב די ווייסע:
פון דיינע ווערטער איז צו זען דאָך,
אַז ס׳איז פאַרקערט די מעשה.
צופרידן זיינען אַלע — זאָגסטו דאָך אַליין.
ס׳איז בלויז אויף דיר אַ ביטערער רחמנות: —
ווי קאָנסטו אָפּלעקן אַ ביין,
אַז ס׳פאַלן שוין ניט מערער קיין קרבנות? —

## דער שפּיגל און דאָס בילד

דער שפּיגל אויף דער עלטער,
אַ מוטנער, אַ פאַרגעלטער,
ווי אויסגעשמירט מיט יאָדע,
ווען מיט די נייע מעבל פון דער לעצטער מאָדע
צום ערשטן מאָל צונויפגעפירט געוואָרן,
האָט זיך אויף איין מאָמענט אַפילו ניט פאַרלאָרן,
נאָר אָפּגעשפּיגלט האָט ער אויפן שטעל
אין פּנים זיינעם אָן אַ זעל
די נייע וועלט, ווי קאָנען וואָלט ער זי פון יאָרן,
דערביי די אַלטע אויסגעמעקט פון זיין זכרון.
— איך פּאַס זיך צו.
וואָ׳דען, ווי דו? —
געווענדט זיך האָט ער צו דעם אַלטן מייסטערבילד,
וואָס האָט זיך אין דער סביבה פרעמד געפילט.
— דאָס פּנים בייטן
צו אַלע צייטן
איז גרינג פאַר דעם, וואָס האָט קיין פּנים ניט אַליין, —
האָט אים דאָס בילד געזאָגט זיין מיין:
איך אָבער האָב אַ פּנים אַ באַשטימטן,
אַן אייגן „איך״,
איך בין געטריי מיין מייסטער דעם באַרימטן,
איך ענדער ניט קיין שטריך. —

## דאָס וואַסער און דער טאָפּ

דער טאָפּ פון ליים, פאַרשוואַרצט פון פעטס און רויך
(שוין ניט קיין נייער),
געשטאַנען איז אין הייסע קוילן ביזן בויך,
געוואוינט צו פייער.
דאָס וואַסער אין זיין אינגעווייד
האָט ניט פאַרטראָגן די געברענטע לייד, —
געשליידערט זיך אין קאָך,
געמורמלט אויף זיין בראָך
און אויסגעלאָזט זיין צאָרן צו דעם טאָפּ פון ליים.
— ווי שטייט מען מיט אַ קאַלט געמיט,
ווען ס'ברענט און בריט! —
האָט עס געשפּריצט מיט אָקריפּ, ווי מיט שליים:
איך וויים פאַרוואָס דו שטייסט אַזוי געמאַך,
דו ביסט אַ טויטער שאַרבן, אַרט דיך ניט קיין זאַך. —
— אַז איך בין ניט קיין שאַרבן, ניט צעבראָכן,
זאָגט עדות דאָס, וואָס כ'טויג צום קאָכן, —
געענטפערט האָט דער „קאַלטער לונג-און-לעבער":
נאָך מער, — אַ שוואַכן האָט באַשאַפן מיך דער טעפּער,
געוואָרן בין איך שטאַרק אין פייער און אין פלאַם,
וואָס איך בין אויסגעשטאַנען אָן אַ טאַראַראַם.
ווען דו, חלילה, וואָלסט געפּרואווט געוואָרן
אַזוי אָן אויפהער, ווי געווען בין איך געפּרואווט,
וואָלסטו, מיט גאָר דיין שטורם, גאָר דיין צאָרן,
זיך אויסגעדעמפּט, צעגאַנגען אין דער לופט. —

---

אין פייער פון יסורים שטאַרקט זיך איינער
און ביי אַ צווייטן ווערן ווייך די ביינער.

# דער זינגפויגל און דער הונט

וואָרנונג: —
אויב ס'וועט דעם לייענער ניט שמעקן פיין,
ווען ס'וועט מיין גראָבער העלד אַ גראָבער זיין,
זאָל ניט צו מיר ער טענות האָבן,
נאָר צו דעם גראָבן.

---

דערזען אַ שיינעם בוים,
געוואָרן איז פון אים דער זינגפויגל אַנטציקט,
געשטעלט זיך אויף זיין זונבאַגילדטער קרוין
און האָט אַ ליבגעזאַנג צו גאָט געשיקט:
— אַ דאַנק, באַשעפער, וואָס דו האָסט באַשאַפן
אַ שיינעם בוים זיך צו פאַרגאַפן,
אַן עמוד פאַר אַ זינגפויגל צו זינגען שירה,
צו רימען דיין יצירה. —
דער הונט מיט אויערן האָט פאַרנומען
ווי ס'האָט דער זינגפויגל דעם בוים גערימט,
און איז צום בוים באַלד צוגעקומען,
באַשמעקט דעם שטאַם און צוגעשטימט:
— נו, יאָ, עס האָט דער בוים אַ פיינעם ריח.
אַ דאַנק דיר, גאָט, פאַר דעם מזבח.
איך וועל אויף אים אַ קרבן-נסך גיסן. —
און ס'האָט דער הונט אַ פוס פאַרריסן.

## די קו צוגאַסט

אַמאָל, ווען ס'איז געווען אַ גרויסער פראָסט,
האָט אויף זיין קו אַ פויער זיך דערבאַרימט —
צו זיך אין כאַטע זי אַריינגעלאָזט,
זי אָנגעוואַרימט
און אונטערן נאָז
איר עסן צוגעטראָגן עפּעס-וואָס.
— עס, קיעלע, זיי היימיש אין מיין כאַטע! —
געזאָגט האָט ער צו איר, געגלעט זי, ווי אַ טאַטע.
די קו האָט ניט געלאָזט זיך בעטן לאַנג,
אַ לעק געטאָן דעם פויער, ווי געזאָגט אַ דאַנק,
און באַלד צום עסן זיך גענומען.
(אַ גוטע עסערקע איז זי געווען בכלל,
בפרט, ווען נאָך דער קעלט פון שטאַל,
ס'האָט זי די וואַרימקייט צענומען.)
דעם צעבער אויסגעלעקט, האָט זי באַניים
גע'מעלה-גרה'ט יעדן ביסן שפּייז,
ביז ס'איז איר וואויל באַקומען.
דערנאָך, אין כאַטע, ווי אין שטאַל, נאַטירלעך
(פון וואַנען זאָל זי וויסן,
ווי אויפצופירן זיך מאַנירלעך ? ),
האָט אונדזוער קו דעם עק פאַרריסן . . .
— נו, דאָס איז שוין צופיל, מיין אורח ! —
האָט מיט אַ מי-שברך,
צו שילטן זיך ניט אויסן,
געכאַפּט זיך אונדזער פויער,
אַרויסגעפירט די קו אינדרויסן
און זיך געווערטלט, קראַצנדיק זיך הינטערן אויער :
— דו לאָז אַריין אַן אורח, מאַך אים היימיש,
און ער פירט זיך דיר אויף ב ה מ ה' י ש . —

# דער פּריים און די וואַנץ

פון הויז אַרוים משנה-מקום זיין
איז דורך אַ שפּאַלט אין טיר דער פּריים געלאָפן
און אויפן שוועל געטראָפן
די ברוינע וואַנץ, וואָס האָט געוואָלט אריין.
— צוריק, פאַרזשאַווערטע,
ווי גאָט אין הימל איז דיר טייער! —
געוואָרנט האָט דער פּריים זיין חבר׳טע:
איך לויף אַליין פון דאַנען, ווי פון פייער.
דאָ וואוינט אַ מענטש אַ הייליקער, אַ ריינער,
אַ פאַסטער — הויט און ביינער;
אין הויז קומט ניט אַריין קיין ברעקל שפּייז,
תעניתים פאַסטן מוז דאָ אויך אַ פּריים
און ס׳קומט ניט אוים דעם אויסגעדאַרטן
אויף עולם-הבא לאַנג צו וואַרטן.
אַ וואַנץ וועט אויך פון עולם-הזה דאָ ניט נאַשן,
ווייל ס׳האַלט דער מענטש זיך אין איין טובל׳ען, אין איין וואַשן
און, ווי זיין לייב און האַנט,
אַזוי איז ריין זיין בעטגעוואַנט.
דערצו איז ער אַ קליינער שלעפער,
ער כאַפּט זיך אויף און איז מתפּלל צום באַשעפער;
ביז דו וועסט זיך דערוואַרטן אויף אַ בים,
וועסטו אויפפריער אויסציען די פים. —
— איך דאַרף ניט פיל, אַ שמעק איז אויך דיינו, —
געענטפערט האָט די וואַנץ איר חבר:
און וועגן מענטשן הייליקע און ריינע
וועל איך פאַרטרויען דיר אַ סוד, נאָר — שאַ! —
ניטאָ קיין מענטש אַזאַ,
פון וועמען ס׳זאָל ניט גיין קיין אויר. —

# דער געלערנטער אייזל און דער פוקס

דער אייזל, ווייל מען האָט פון אים געמאַכט לצנות,
האָט אויפצעלאָכעס זיך געלערנט מיט עקשנות,
וואָס אָן אַ שיעור פאַרמאָגט ער,
און האָט געקראָגן אַ דיפּלאָם אויף דאָקטער.
געקראָגן דעם טיטול,
איז מיט נצחון
אַוועק דער אייזל צו דעם פוקס, דעם חכם,
וואָס האָט זיין חכמה ניט געלערנט אין קיין שול.
איז האָבן זיך פאַרבראַכט דער חכם און דער יאָלד. —
דער שוטה האָט געקליגלט זיך,
זיך אויספיינען געוואָלט,
האָט אַ דיספּוט פאַרוויקלט זיך
און אין אַ בלאָטע איז אַריינגעקראָכן,
פאַרשטייט זיך, ניט דער חכם.
פאַרלאָרן אין ויכוח
זיין גאַנצן וויסן און זיין ביסל שכל,
האָט אייזלקאָפּ דעם גייסט געשיקט צום רוח,
געשטעלט זיך מיטן „זייטשע־מוחל"
צום אָפּאָנענט
און מיט די פּיס פאַרמאָסטן זיך צו געבן
אַ גשמיות'דיקן אַרגומענט.
אינצייט זיך אָפּגעטראָגן מיטן לעבן,
האָט זיך דער פוקס צעלאַכט: — אוי, שלאָגט ער! —
און האָט געזאָגט אַ מאמר: —
— אַן אייזל מעג אַפילו זיין אַ דאָקטער,
דאָך בלייבט ער אַלץ דער זעלבער חמור. —

# דער ראַץ אין ביבליאָטעק

## נאָך פּיער לאַשאַמבאָדי (1807-1872)

דער זשוואַווער ראַץ האָט טאָג און נאַכט
אין ביבליאָטעק פאַרבראַכט: —
פון מערימע געוואָרפן זיך אויף סוויפטן,
פון בייראָנען געשפּרונגען צו סענעקען,
ניט אויפגעהערט צו נישטערן און שמעקן,
פאַרזוכט פון אַלע שרייבער׳ס שריפטן —
פון די ראָמאַנטיקער און פון די רעאַליסטן,
פון די באַגייסטערטע און פון די פּעסימיסטן.
און גרינג איז אים, וואָס בייסט,
אַלץ אָנגעקומען, ווי פון זיך אַליין,
ווייל בלויז די דינקייט פון פּאַפּיר און ניט פון גייסט
צעביסן האָבן זיינע שאַרפע ציין.
האָט איינמאַל אויסגעטרילט צום ראַץ דער נאַכטיגאַל —
ניט לאַנג אין שטייג, אַ גאַסט אין לייענזאַל:
— האָסט זיכער פיל געליי׳נט,
דיין גייסט באַרייכערט און באַשיינט. —
— ווער האָט געדולד צו ליי׳נען! —
געענטפערט האָט דער ראַץ, דערביי געגריזשעט היינען:
איך דאַרף חיונה, ניט די תורה,
זיינען ביכער אויך אַ סחורה.
און זע — איך קריג אַ בייכל פון די ספרים,
אַפילו ווען מיין גייסט איז אָרים. —

מאָראַל? — פאַראַן אַ סך אין קרייז פון ליטעראַטן,
וואָס זיינען ענלעך אויפן ראַץ דעם זאַטן.

# די טשוועקלעך און די פלעקלעך

צוזאַמען מיט די האַמערס, מעסערס, צוואַנגען, באַרשטן
געלעגן זיינען פאַרן שוסטער אויפן וואַרשטאַט
די טשוועקלעך און די פלעקלעך
בשכנות אין צוויי פלאַכע דעקלעך.
האָט זיך געטראָפן
(פון שמעקן טאַבעקע צי פון אַ לופטצוג: —
געוועז איז אָפן
די טיר אַנטקעגן לופטשיק),
רב סנדלר האָט געטאָן אַ נאָס,
אַ שאָס,
אַז אויפגעהויבן האָט פון אָרט די פלעקלעך
און זיי אַריינגעשליידערט צו די טשוועקלעך.
— איר שוואַכלינגס! — האָבן מיט פאַראַכט
די אייזערנע געמאַכט:
אַ בלאָז
פון נאָז
האָט אייך פאַרטריבן.
מיר זיינען אויפן זעלבן אָרט געבליבן. —
נאָר דאָ, די שונאים צו צעפירן,
דערביי קיין צייט ניט צו פאַרלירן,
האָט סנדלר דעם מאַגנעט צו הילף גענומען.
און וואָס איז פאַרגעקומען? —
די  ש ט אַ ר ק ע  האָבן פון דעם וואָפן
געלאָזן זיך פאַרשקלאַפן,
די  ש ו ו אַ כ ע,  זעסטו,
געבליבן זיינען ליגן פעסטע.

# דער באַלון און דער זעגל

אַ לופטבאַלון, וואָס עמיצער האָט לויז געלאָזן,
איז איבערן ים
געפלויגן סתם,
וואוהין דיווינטן בלאָזן.
איז קעגן אים אַ זעגל אָנגעשוואומען
און אָפּלאַכן גענומען:
— דו שוואַכלינג איינער!
דו הויט אָן ביינער!
ווי שעמסטו זיך ניט זיין ביים ווינט אַ שפּילצייג?
אָט קוק אויף מיר — איך שווים וואוהין מיר ווילט זיך:
אי מיטן ווינט אי קעגן אים.
ניין, ניט מיט מיר וועט ער זיך שפּילן.
ניט איך פאָלג אים, נאָר ער פאָלגט אויס, וואָס איך באַשטים.
איך האָב אַ פרייען ווילן. —
— דו שפּאַסט, —
האָט דער באַלון געלאַכט צוריק:
און וואָס איז מיט דער שטריק,
וואָס צוימט דיך, קערעווועט אַרום דער מאַסט?! —

## די כוואַליע און דער פעלדז

אַ כוואַליע האָט געשטורמט
מיט אַ קוראַזשנעם ברויז
אַ פעלדז, וואָס האָט פון ים אַרויס
אַרויפגעטורמט.
— אַוועק
פון וועג,
פאַרוואָקסענער מיט מאָך! —
האָט זי געצאָרנט, שוימנדיק אין קאָך:
ביי מיין צערייצטער גבורה שווער איך
אַראָפּצושווענקען דיך אין אָפּגרונט, אַלטער תרח!
— וואָס זאָל איך, היציקע, דיר זאָגן? —
האָט איר דער פעלדז געענטפערט איינגעהאַלטן:
אין מיר, דעם אַלטן,
האָט ניט איין וועל זיך שוין אויף שוים צעשלאָגן;
אָט אין דער ברוסט, וואָס גרינט
פון יאָרן אַ באַמאָכטע,
האָט ניט איין ווינט
צעבראָכן זיך די פליגל די צעפּאָכטע,
נאָר, ווי דו זעסט,
איך שטיי אַלץ פעסט
אין רו און שטורם —
פאַר מידע פייגל אויפן ים אַ טורם. —

---

די כוואַליע איז דער מאָדערניסט דער נייסטער,
דער פעלדז — דער קלאַסיקער, דער אַלטער מייסטער,
דער מוסר־השכל פון דער פאַבל —
אַ כוואַליע איז נאָך ניט קיין מבול.

# דער גאָלדזוכער און דער קראָט

אַ גאָלדזוכער האָט אויף אַ פעלד געפּאָרשט דעם באָדן ;
ס'האָט אויסגעזען, אַז ס'איז מיט רייכטום אָנגעלאָדן.
און ווי ער האָט אַזוי מיט גרויס בטחון
די ערד געגראָבן און געבראָכן,
האָט עפּעס זיך געטאָן אַ גראַבל
און אויסגעוואָקסן איז דער קראָט, ווי אַ מחבל,
און צו דעם זוכער זיך געווענדט :
— אויב עפּעס פון אַ גרויסן ווערט
דאָ זוכסטו אין דער ערד,
איז נאָר אומזיסט די מי פון דיינע הענט.
איך בין אַליין אַ גריבלער, ווי דו ווייסט.
אָט דאָ, אַוואו דו שטייסט,
האָב איך, זיך גריבלענדיק, די נעגל זיך צעבראָכן,
בין אין דער לענג און אין דער ברייט געקראָכן,
נאָר אויסער זשוקעס, שלענגעלעך און ווערים
געפונען האָב איך גאָרניט אין דער ערד'ס געדערים. —
— און וואָס איז דאָס ? —
האָט זיך דער זוכער איינגעבויגן
און ביי דעם גריבלער אונטערן נאָז
אַ גאָלדן שטיינדל פון דער ערד ארויסגעצויגן.
— קיין וואונדער ניט, מיין קראָט ! —
האָט ער געזאָגט מיט שפּאָט :
זיך גריבלען האָסטו טאַקע האָלד,
נאָר זוכן זוכסטו ניט קיין גאָלד. —

## די פליגל און די פים

כדי דעם ווילן
פון בושעל אויסצופילן —
זיך אויפצוהויבן פון דער ערד און פליען —
צענומען האָבן זיך די פליגל מיט אַ שוואונג
און אָנגעצויגן האָבן זיך די פים צום שפּרונג.
— צו־וואָס נאָך זאָלט איר זיך באַמיען ? —
געווענדט זיך האָבן, כלומרשט, זים
די פליגל צו די פים :
מען וועט שוין פליען אָן אייך אויך. —
— זיך איינמאָל אויפגעהויבן אין דער הויך,
וועט איר שוין פליען אויף געווים, —
געענטפערט האָבן זיי די פים :
נאָר ווייזט אַ קונץ
און הויבט זיך אויף אָן אונדז.
מיר זעצן זיך אַוועק. —
און ס'האָבן זיך די פליגל אין צעשטרעק
צעפּאָכעט, נאָר אָן פּעולה : —
פאַרלאָרן פעדערן אַפולע,
זיך אָנגעמאָרדעוועט און פאָרט
ניט אויפגעהויבן זיך פון אָרט,
געבעטן האָבן זיי די פים זיך צו באַמיען
און העלפן זיי צו פליען.
— מיר וועלן שוין געדענקען אין די הימלען אויבן,
אַז ס'העלפן אונדז די פים זיך אויפצוהויבן, —
פאַרלאָרן דעם געוועט,
געשוואָרן האָבן זיך די פליגל אין געבעט.

# די צוויי שטראָמען

צוויי שטראָמען זיינען פון איין אָזיערע ארוים,
ביידע פון איין גרוים,
נאָר אַז זיי זיינען מיילן דורכגעלאָפן
און ווידער זיך געטראָפן,
איז איינער פאַר דער צייט געוואָרן פולער, ברייטער
און שיעור ניט טרוקן איז געווען דער צווייטער.
— וואָס האָט, מיין פריינט, מיט דיר פּאַסירט? —
האָט זיך דער פולער שטראָם פאַראינטערעסירט.
— אַך, זאָלסט שוין גאָרניט פרעגן! —
האָט יענער זיך באַקלאָגט:
צו פליסן אין די ענגע ברעגן
האָב איך זיך אָפּגעזאָגט.
איך האָב צעגאָסן זיך אַן ענד
און מיינע וואַסערן פאַרשווענדט,
אָט ווי דו קוקסט מיך אָן.
און דיר, איך זע, איז גראַד געגאַנגען בעסער.
דערצייל מיר, ברודער, וואָס האָסטו געטאָן,
וואָס דו ביסט נאָך געוואָרן גרעסער? —
און ס'האָט דער פולער שטראָם דערקלערט:
— מיך האָט דער לייכטזין ניט פאַרפירט.
איך האָב ווי דו, זיך ניט צעגאָסן, נאָר פאַרקערט:
זיך אין די ברעגן קאָנצענטרירט. —

# די בריק און דאָס אייז

די בריק,
אויף וועמען אַהין און צוריק
מ'איז שטענדיק געפאָרן, געגאַנגען,
איז ווינטער פאַרלאָזן געהאַנגען,
ווייל גלייך, ווי אַ בליק,
אַ וועג מיטן אייז אויפן טייך האָט געשניטן
דער פּוס און דער שליטן.
האָט איינמאָל דאָס אייז צו דער בריק זיך געווענדט:
— אָט האָסטו אַ מוסטער, מיין קאָנקורענט,
ווי מענטשן באַדאַנקען אַ דינער אַן ערלעכן: —
האָסטו ניט געטראָגן זיי, ווי אויף די הענט,
אַריבער דעם טייך דעם געפערלעכן?
נאָר איך בין געקומען (אַ גרויסע מציאה!
פאַרקירצט אויף אַ שפּאַן די נסיעה),
פאַרלאָזן די מענטשן די בריק די געטרייע,
פאַרלאָזן די אַלטע, באַגריסן די נייע.
דערפאַר, ווען איך קאָן זיי פאַרראַטן,
פאַרראַט איך זיי גלייך —
איך ברעך זיך און גליטש זיי אַרונטער אין טייך,
אַראָפּ פון מיין רוקן דעם גלאַטן.
אויך דו וואָלסט באַדאַרפט אַזוי טאָן.
אַן אויג פאַר אַן אויג, אַ צאָן פאַר אַ צאָן. —
— איך צאָל ניט צוריק, —
האָט געענטפערט די בריק:
איך וועל דינען די מענטשן אויך ווייטער געטריי.
ווייל זיי צו דערטרינקען,
באַדאַרף איך דערביי
אַליין זיך צעברעכן און זינקען. —

## די מצה און דער ווייץ

פאַר פּסח, אין אַ טאָג אַ שיינעם,
נאָר אין אַ בלאָטע — אַ פאַרפליייץ,
געפאָרן זיינען אויף אַ פור אינײנעם
אַ פּעקל מצה מיט א זעקל ווייץ, —
אוודאי ניט קיין גלייכע פּאָרל,
דער פורמאַן אָבער איז געווען אַן ערל;
כל־זמן עס איז געווען פאַר ביידן אָרט,
איז האָט ער זיי צונויפגעפּאָרט.
דער וואָגן אין דער בלאָטע טיף
האָט זיך געוואָרפן, ווי אַ שיף,
געהויבן פון די ערטער אויפן היי
די פּאַסאַזשירן אונדזערע די צוויי.
— הער אויף צו מיר זיך רוקן,
דו חמצ׳דיקער פּראָסטער חי־וקים! —
געברעקלט זיך, געקנאַקט האָט טרוקן
די מצה, וואָס אַליין פאַרצייטנס
איז אָרים ברויט געווען אין לאַנד מצרים:
דו חמץ, האַלט זיך פונדערווייטנס!
איך בין כשר לפּסח;
מיין ווערט און יחוס ווייס איך: —
איך בין אַ זכר פון אַ נס אַ גרויסן. —
— איז דאַרף מען מיך פאַרשטויסן?! —
האָט אַ צעטרייסלטער דער ווייץ געזאָגט דער מצה:
איז דאַרף מען, טאָכטער מיינע, צאַצע,
פון פאָטער דיינעם, ניט דיין גלייכן,
ווי פון א קרעצעדיקן, ווייכן?! —

# דער טשוואָק און דער האַמער

דער טשוואָק, בשעת דער האַמער מיט אַ שוואונג
האָט אים אין האַלץ אַריינגעשלאָגן,
האָט צו זיין שלעגער מיט אַ קלונג
געזאָגט, אַזוי צו זאָגן:
— ווייל דו ביסט טעמפּ, און שווער, און גראָב —
אַ גולם, אַ געזונטער זשלאָב,
דעריבער ביסטו פאַר אַ שלעגער, ווי באַשאַפן. —
— דו שקלאַף פון אַלע שקלאַפן! —
געענטפערט האָט דער האַמער און געזעצט:
ווייל ס'איז דיין קעפּל צוגעפּלעטשט,
דעריבער ביסטו, פלאַכער קאָפּ,
צו מיינע קלעפּ אַן אונטערטעניקער,
ווי צו דעם שווערן פויסט — אַ כלאָפּ. —
— און ווער איז ער, דער יעניקער,
וואָס איז ניט צו קלעפּ אַן אונטערטעניקער? —
האָט אָפּגעהילכט דער טשוואָק אין קידער-ווידערקלאַנג:
דאָך בויג איך זיך אַמאָל א ווידערשפּעניקער.
און ווער — אויף דער קאָוואַדלע, אינם צוואַנג
האָט מיר דעם קאָפּ פאַרפלאַכט,
אויב ניט, דו שלעגער, מיט דיין טעמפּער מאַכט? —

# די ווינקלען און די שוועל

די ווינקלען פונם דיל
געלעגן זיינען, יעדער אויף זיין שפּיץ,
זיין אייגענעם באַזיץ,
און צו דער וואַנט געדרעדט זיך שטיל:
— אַ דאַנק דיר, גאָטעניו, שלא־עשני שוועל,
אַ טרעט־ברעט אין רשות־הרבים
צו טאָפּטשען און צו שקראַבען
מיט זוילן און אָפּצאַסן.
אוי, ווי זי ווערט דאָס שמוציק שנעל!
מען האַלט זי אין איין וואַשן. —
עס האָבן אויסגעהערט די רייד
די ווענט, וואָס האָבן אויערן,
און האָבן זיי צעשפּרייט
אין טירן און אין טויערן.
דערוואוסט זיך, אַז ס'באַריידן זי די ווינקלען,
האָט אָפּגערופן זיך די שוועל:
— געהערט אַ מעשה! נו, און זיי? זיי פינקלען?
איך ווייס ניט וואָס איז בעסער: —
זיך שמוצן שנעל,
נאָר גרינג און אָפט דערפאַר זיך וואַשן,
צי לאַנגזאַם זאַמלען שמוץ (אַמאָל אויך שפּינען פּאַשען),
מען זאָל ניט קאָנען גאָר דערקראַצן מיט קיין מעסער? —

---

ווי אָפט, אין אייגן ווינקל איינגעזעסענע,
פאַרזעען זיי, די זאַטע,
די אומצוכט די פּריוואַטע
די איינגעגעסענע.

## די וועווערקע און דער בער

אין שפּעטן אָסיען, זיך פאַרזאָרגט אויף ווינטער
מיט ניס און מיט וואַקאַציע פאַרדינטער,
האָט צייט געהאַט די וועווערקע צו טראַכטן
און דאַכטן.
דערזען דעם בער, דעם וואָס־אין־קאָרט,
דעם פעט־געוואָרענעם פון מאָרד,
מיט רויטע אויגעלעך, וואָס קלעפּן זיך,
אַ גענעצדיקן שלעפּן זיך
אויף זיינע לאַפּעס־שקראַבעס
צו מאַכן שבת,
האָט זיך די וועווערקע געטראַכט אַזוי:
„אָט גייט דער לומפּ, ימח־שמו!
„(זאָל גאָט מיך פאַר די רייד ניט שטראָפן)
„אַ גאַנצן ווינטער אָפּצושלאָפן.
„נאָר זאָל זיין ליבער נאָמען זיין געלויבט,
„וואָס שלאָפן וועט ער, ווער עס רויבט;
„וואָס זויגן וועט די לאַפּע אין זיין נויט,
„ווער ס'עסט ניט אין זיין שווייס זיין ברויט,
„און זויגן וועט דער בלוטזויגער זיין אייגן בלוט.
„אַזוי איז רעכט.
„גאָט'ס משפּט איז גערעכט".
און ס'האָט די וועווערקע אין גוטן מוט
צעקנאַקט אַ נוס אַ האַרבן,
געמאָלן זיך דעם ווינטער ניט מיט שוואַרצע פאַרבן.

## דער ראַק

דער ראַק, אַנומלט,
איז צו דעם מענטש געקומען מיט אַ טענה,
געטופּעט מיט די פּילע פּיסלעך זיינע,
געקריצט די ציינער אין די קלעמען און געטומלט,
אַזוי צו זאָגן:
— אַ שלעכטן שם האָסטו אויף מיר אַרויסגעטראָגן,
אַז הינטערווײלעכטס קריך איך מיטן לא־יזכר.
עס איז מיין פּנים, ניט מיין אָחור.
האָסט אויסגעטראַכט אויף מיר אַ ליגן. —
אויפסניי דעם נפש דעם געקריוודעטן באַטראכט,
האָט זיך דער מענטש צעלאַכט:
— איך אויף דיין אָרט וואָלט שטיל געשוויגן.
ווייל אויב עס איז ניט שיין
אויף הינטערווײלעכטס גיין,
איז שענער דען, מיין שיינער בחור,
אַ פּנים האָבן, ווי אַן אָחור? —

## די פרומע שלאַנג

די שלאַנג,
בשעת זי האָט גענאָגט
איר טויט־פאַר'סמ'טן פאַנג,
האָט מיט אַ פרומער מינע
אויף אירע ליפּעלעך די דינע
אַזוי געזאָגט:
— איך ווייס ניט, בנאמנות
פאַרוואָס איך בין עס אַ פאַרדאַמטע.
ס'איז אמת, אַז איך נאָג מיין פאַנג,
נאָר כ'טו עס אויס רחמנות
צו גאָט'ס באַשעפעניש, וואָס מאַטערט זיך צו לאַנג
אַ טויט־פאַר'סמ'טע. —

# דער גייציקער טיגער

דער ווילדער טיגער,
דער בייזער קריגער,
איז קעגן לייב, דעם מלכות אויפגעשטאַנען
און צו די חיות, צו די אונטערטאַנען
גע׳דבר׳ט האָט ער מיט אַ צונג אַ גלאַטער:
— אַרונטער מיטן לייב, דעם אימפּעראַטאָר!
גענוג אים שוין צו רויבן אומגעשטערט,
צו טרינקען אייער בלוט!
איך זאָג אייך צו (מיין וואָרט איז גוט),
ווען איך וועל ווערן הערשער אויף דער ערד,
וועט יעדע חיה לעבן זיך באַרוט. —
— צו־וואָס דיין צוזאָג, ווען מיר קאָנען דיין כאַראַקטער, —
פאַר אַלעמען, וואָס ציטערן,
געענטפערט האָט דעם ביטערן
דער יאָזש, אין פאַנצער אַ געוואַגטער:
שוין איידער דו זאָלסט אונדזער רעטער ווערן,
איז בעסער צו דעם לייב געהערן.
ווייל כאָטש קיין צדיק איז ער ניט,
דאָך מוזן מיר דעם אמת זאָגן —
דער לייב פאַרצוקט ניט אויפן פולן מאָגן.
נאָר פון אַ טיגער זאָל מען ווערן אָפּגעהיט —
צי הונגעריק, צי זאַט,
עס רוען קיינמאָל ניט דעם גזלנ׳ס ציין. —

## די נייטראַלע היענע

עס איז געשען:
אַ קריג האָט ביי די חיות אויסגעבראָכן.
פאַרוואָס? פאַרוועמען?
וואָס דאַרפט איר ראיות —
עס טרעפט דען ניט דאָס זעלבע ביי די מענטשן־חיות?
און ברודער האָט מיט ברודער, שכן האָט מיט שכן
מיט ציינער זיך געביסן,
מיט נעגל זיך געריסן,
מיט הערנער זיך געשטאָכן, —
דער שטאַרקער האָט דעם שוואַכערן פאַרצערט.
ס'האָט בלוט, ווי וואַסער, זיך געגאָסן אויף דער ערד,
די הימלען האָט אַ וויי־געשריי געשפּאָלטן,
און גאָט אַליין האָט גאָר די וועלט פאַרשאָלטן...
נאָר די היענע איז געמיטלעך
אין חושך פון דער נאַכט
אַרומגעגאַנגען אויפן פעלד פון שלאַכט,
געגעסן פון די מתים אַפּעטיטלעך
און האָט געלאַכט, געלאַכט:
— אַי גוט! אַי וואויל! אַי פיין!
זאָל בלוט זיך גיסן — ס'איז ניט מיין.
איך בין נייטראַל, איך שלאָג זיך ניט אַליין,
איך לעק נאָר אָפּ אַ ביין. —

# די פערד און דער וואָלף

די פערד,
אויף פּאַשע אין אַ פרייען פעלד,
דעם אָנקום פונם וואָלף דערהערט,
צוזאַמען אין אַן עיגול האָבן זיך צעשטעלט —
אינווייניק די קעפּ, די הינטערפיס אינדרויסן —
דעם פיינט צו בריקען און פאַרשטויסן.
אַ זעץ געקראָגן,
דערזען — די פערדלעך האָבן כח,
האָט אַפּעלירט דער וואָלף צו זייער קליינעם מח:
— איר זייט אַ סך, איר קאָנט זיך שלאָגן,
איז דאַרפט איר ניט פאַר מיר זיך היטן.
לאָזט מיך אַריין אינמיטן.
אַרומגערינגלט מיט אַ וואַנט פון שטאַרקע פערד,
וואָס האָט אַ וואָלף דען פאַר אַ ווערט? —
געטראַכט אַ ווײַלע,
באַשלאָסן האָבן די נאַראָנים:
— ער איז גערעכט. ס'איז גאָר אַ מעלה
צו שטיין צום שונא מיטן פּנים.
קום, וואָלף, אַריין, נאָר היט די ביינער! —
דער וואָלף האָט מערער ניט באַדאַרפט,
געכאַפּט זיך צו די גאָרגלען, — זיינע ציינער
האָט ער שוין לאַנג אויף זיי געשאַרפט.

---

מאַכט רש"י אויפן פּסוק: —
כל־זמן דו ביסט אַ פרייער לאָשעק,
זאָלסטו ניט זיין קיין פערד,
ניט אויפהערן צו בריקען אין זיין שטערן
דעם וואָלף, וואָס וויל אין מיט פון זאַלבעפערט
אַ פ י נ פ ט ע ר ווערן.

## די צוויי שלאַנגען

דערזען, ווי פון אַ בוים געשווינד
עס פאַלט אַרויף די שטיקשלאַנג אויף איר פאַנג,
קיין קריג אַפילו ניט דערקלערט,
האָט מיט איר שוועסטערקינד
די קלאַפּערשלאַנג
אין יושר זיך פאַרהערט :
— אַזוי גאָר פּראָסט.
צו וויסן ניט געלאָזט,
אַרויפגעפאַלן און — אַ סוף !
דאָס איז דאָך גלייך, ווי הרג׳ענען אין שלאָף.
איך מאַך עס לייטישער פון דיר —
איך וואָרן מיטן קלאַפּער, ווען איך אַטאַקיר. —
— דו „וצדקתך״, וואָס דו ביסט ! —
געענטפערט האָט די שטיקשלאַנג אויף צוריק :
איך, לכל-הפחות, בין ניט קיין סאַדיסט,
כ׳דערשטיק מיין קרבן אין איין אויגנבליק.
דו אָבער מיט דיין פאַלשער צערעמאָניע
און מיט דיין קליינעם בים פון די פאַר׳סמ׳טע ציין,
פאַר דיר איז ניט גענוג צו הרג׳ענען אַליין,
דו קוויקסט זיך נאָך מיט דער אַגאָניע
פון דיין פאַר׳סמ׳טן פאַנג,
וואָס מאַטערט זיך נאָך לאַנג. —

---

דערפאַר, — מאַכט רש״י :
אין קאָפּ דערלאַנג
דער בעסטער שלאַנג,
מאַך פון איר מאַרך אַ קאַשע !

# די ברעטער און די קלאַטשע

די קלאַטשע אין די שפּאַלטן פונם שיפל,
וואָס האָט ניט דורכגעלאָזט קיין טריפל,
האָט צו די ברעטער זיך געדריקט פאַר נחת,
מיט אירע האָר זיי שטיפעריש געקיצלט
און זיך געוויצלט:
— איר זעט וואָס מיינט יד־אחת: —
מיר שווימען אויפן רוקן
און אונדזער בויך איז טרוקן. —
— לא־יצלח, משולחת! —
געוואָרפן האָבן זיך די ברעטער אויף די וועלן:
נו, ווי איז אייך געפעלן
די שווימערקע, די קלאַטשע!
אַ שידוך — אַ מיצאָצע!
אין וואַסער, ווען אַליין, פאַרזינקט זי, ווי אַ שוואָם,
אין אונדזער מיט — אַ וויצלער איבער אַ תהום;
מען קאָן מיט איר פאַרשטעקן בלויז אַ לאָך
אַן איבעריקע איז זי דאָך. —
— וואַרפט זיך ניט מיט מיר, ווען איר האָט שפּאַלטן, —
האָט די פאַרשעמטע זיי גערעדט אַנטקעגן:
ווייל ווען איך וואָלט דאָס וואַסער ניט פאַרהאַלטן,
מיט דעם זיך אָנגעפילט אַריבער זיינע ברעגן,
וואָלט פאַרן שיפל ניט געווען קיין רעטער
און זינקען וואָלטן אויך די ברעטער. —

# דער פישער און דאָס פישעלע

דער פישער, ווען ס׳איז אין לעבן שטאַרק געגאַנגען
דעם גרויסן העכט פון טייך צו פאַנגען,
האָט — צו פאַרנאַרן אים, דעם הלעיטני, —
געכאַפּט אַ פישעלע און האָט דאָס קליינע
אַרויפגעשטאָכן אויפן הוק דורך מויל און צונג,
פאַר דאָברע מזל עם באַשפּייט,
אַ שפּרונג געשפּראָכן און אין וואַסער ווייט
אויפן שנור פאַרוואָרפן מיט אַ שוואונג.
— מיר פאַנגען, פישעלע, אינײנעם
דעם פיינט דעם אַלגעמיינעם, —
האָט, וואַרטנדיק ביים ברעג געדולדיק,
ניט פילנדיק זיך שולדיק,
דער פישער אינדערהויך געטראַכט:
ס׳האָט דער העכט ביי מיר אַ קליינע ענטל אומגעבראַכט,
פאַרשלונגען מיט די ביינער,
און דיך פאַרפאָלגט ער טאָג און נאַכט —
רק לויף פון זיינע שאַרפע ציינער!
רק ציטער פאַר זיין גרויסן מויל!
שוין בעסער שטאַרבן, איידער לעבן אין איין גרויל. —
אַזוי האָט ער באַשלאָסן
פאַר אונדזער פישל, וואָס מיט בלוט האָט זיך באַגאָסן
און ניט געקאָנט אַפילו זיך באַקלאָגן,
ווייל ס׳האָט דער הוק דאָס מויל אים צוגעמאַכט.
נאָר וואָס וואָלט עס געזאָגט, ווען ס׳וואָלט נאָר קאָנען זאָגן?
עס וואָלט געזאָגט, מיר דאַכט,
אַז ביטער איז און שלעכט
דעם פישל, וואָס איז קליין: —
פאַרצוקט עס ניט דער העכט אַליין,
איז עם דער פישער מקריב צו דעם העכט.

# די דערשראָקענע ווערים

דערהערט — די ווענטקע גייט
(דער פישער האָט זי, ווי אַ שטאָק, געטראָגן,
די ערד מיט איר געשלאָגן),
דערשראָקן האָבן זיך אויף טויט
די ווערים אין דער ערד,
פאַרקראָכן טיף, באַהאַלטן זיך אויף שנעל,
ווי מעגלעך ס׳איז פאַר ווערים, וועמען קריכן איז באַשערט.
— איר מעגט אייך רוען אומגעשטערט, —
האָט זיי די מויז, וואָס האָט געגראָבן אַ טונעל,
באַרואיקט און געטרייסט:
די ווענטקע גייט צום טייך
צו כאַפּן פיש, ניט אייך. —
— ווי וואויל דו ווייסט ! —
געענטפערט האָבן איר די ווערים ביטער:
יאָ, כאַפּן גייט זי פיש, נאָר אונדז כאַפּט אָן אַ ציטער,
ווייל אויפן הוק, זיי זאָלן גיבן אים אַ ביס,
איז אונדז די ווענטקע מקריב צו די פיש. —

## די פייל און די לוחות

די פייל, וואָס מ׳האָט געפונען אויפן אָרט
פון דעם פאַרברעכן — אין הרוג אַ פאַרשטעקטע,
איז פאַר די לוחות, וואו עס שטייט: „ניט מאָרד!“,
געשטאַנען אַ באַשולדיקטע, אַ בלוט־באַפלעקטע
און האָט צו זיי גערעדט,
גע׳טענה׳ט גאָר אַ גרויסע טענה:
— וואָס פרעגט איר ניט ווער ס׳זיינען צו דעם חטא
די שותפים מיינע?
איך וואַש זיך פון דעם בלוט ניט ריין,
נאָר ס׳בלוט פאַרגאָסן האָב איך ניט אַליין: —
דער וואַלד האָט מיך געשטאַרקט מיט האָלץ פון דעמב;
די ערד האָט מיך געמאַכט צו מיטלייד טעמפּ —
מיט אייזן פון איר טראַכט;
דער פייער האָט מיך אָנגעהיצט;
דאָס וואַסער האָט מיך האַרט געמאַכט;
דער שטיין האָט מיך געשאַרפט, פאַרשפּיצט;
פאַר׳סמ׳ט האָט מיך די שלאַנג;
דאָס פעלד האָט מיך מיט פלאַקס געגורט צום שלאַכט,
און ס׳האָט דער מענטש געשיקט מיך אויף זיין פאַנג. —
— בקיצור, — האָט געענטפערט דאָס געריכט,
די לוחות, אין אַ קרוין פון רעגנבויגן־ליכט:
אַ מבול ברענג, די גאַנצע וועלט פאַרניכט!
ווייל גאָר די וועלט איז שותף צום פאַרברעכן.
צי אפשר זאָלן מיר זיך גאָר צעברעכן
און זאָל ניט זיין קיין דין און דיין?
ניין, בלוטיקער כלי־זין,
מיר וועלן דיך באַשטראָפן שווער,
אַז ס׳זאָלן דיינע שותפים ניט פאַרברעכן מער. —

## דאָס האָלץ און די שטיינקויל

דאָס פלאַמיק פּעכיק האָלץ, דער הייסער יונג,
האָט מיט אַ פייערצונג
פאַרשייט און פריילעך
אַ לעק געטאָן,
אַ שמעק געטאָן
די שטיינקויל אין איר שוואַרצן הולך
און באַלד זיך אָפּגעצויגן:
— וואָס ביסטו — האָלץ צי שטיין?
דו ברענסט צי ניין? —
— נאָר ניט געפלויגן! —
געענטפערט האָט די שטיינקויל צו דעם „ברען“:
דו נעם נאָר מיך אַרום, וועסטו שוין זען. —
ווען ס'האָט דאָס האָלץ אַרומגעכאַפּט מיט זיינע פלאַמען
די קויל, וואָס זעט־אויס ווי אַ שטיין,
האָט זי ניט נאָר געברענט צוזאַמען,
נאָר אויך געברענט אַליין
אַ צייט דערנאָך, ווען אינם אַש פון הייסן יונג
האָט זיך פאַרלאָשן יעדער פונק.

# די זשערנע מאַלפּע

די זשעדנע מאַלפּע מיט איר יצר־הרע
פון דזשאָנגלישן כאַפּ־לאַפּ
האָט אַ טשיקאַוון קאָקאָנוס דערטאַפּט: —
ניט אויף אַ פּאַלמע וואַקסן אין זיין קאָרע,
נאָר אויסגעשיילט און צוגעבונדן צו אַ פּלאָקן;
אַ לאָך אין אים — אַריינצוקוקן,
די גרוים — אַ האַנט אַריינצורוקן,
און ווייסע קערנער דאָרט — צו לאָקן.
איר האַנט אַריינגעשטעקט
און רייז אין קאָקאָנוס אַנטדעקט,
האָט ניט געפרעגט די מאַלפּע אין איר פרייד
ווער האָט עס פלוצלונג רייז פאַר איר פאַרגרייט,
נאָר, ווען זי האָט אַ פולן הויפן אָנגענומען
און ניט געווען אימשטאַנד
די צוגעמאַכטע האַנט
פון ענגער לאָך צוריק אַרויסבאַקומען,
איז אויסגעוואַקסן פאַר די אויגן איר דער יעגער
און מיט אַ שטייג — די וואַפנטרעגער.
פאַרשטאַנען אז איר פרייהייט איז אין קאָן,
וואָס, מיינט איר, האָט די גיריקע געטאָן: —
געלאָזט די רייז, די האַנט געעפנט און אַנטרונען?
עס הויבט זיך גאָרניט אָן.
אָן חשק צו פאַרלירן וואָס זי האָט געפונען,
האָט אונדזער מאַלפּע אַזוי לאַנג געטראַכט,
ביז ס׳האָט דער יעגער זי אין שטייג פאַרמאַכט.

## דער וואָלף און דער אייזל

אַמאָל האָט צו דעם אייזל מיט די ברייטע ביינער
געזאָגט דער וואָלף, זיך שאַרפנדיק די ציינער:
— לאַ־די עס פעלט דיר שכל,
ביסטו נאָך אויך אַ כאַם פון כאַמעס —
ווי נאַר איך קום אין דיינע דלד־אמות,
באַלד דרייסטו אוים זיך מיטן „זייטשע־מוחל". —
— איך ווייס ניט פון קיין חכמות? — יאָ, געוויס, —
געענטפערט האָט דער אייזל און געבריקעט מיט די פיס:
דעריבער טאַקע וויל איך מיטן פנים
ניט שטיין צו מיינע שונאים. —

---

אַמאָל פאַרשטייט דער נאַר בחוש
צו וועמען גיין אַנטקעגן מיט אַ קוש
און וועמען מיט אַ בריק
אַוועקשיקן צוריק.

## דער טכויר און דער פוקס

דער טכויר האָט פון דעם פוקס גע'חוזק'ט גראָב,
אַזוי ווי אַ כאַמולע:
— אַ בראָך צו דיר, דו קלוגער קאָפּ!
וואָס איז די פעולה
פון דיין באַרימטן שאַרפן מח,
אַז אַלע לויפן פאַר מיין ריח,
ווי פאַר דעם גרעסטן כח? —
— גערעכט, אָט לויף איך טאַקע, ווי אַ האָז, —
האָט מיט אַן אָפּגעקערטער נאָז
געזאָגט דער פוקס און פיס געשטעלט:
אַן אָפּשטויס־כח האָסטו, אָבער, גרויסער העלד,
צי קאָנסטו צוציען אַ פריינט דערמיט,
ווי דער, וואָס מיט זיין חכמה ציט? —

## די צייל-סיסטעם

די צייל-סיסטעם האָט מיט איר אָרדענונג שטאָלצירט:
— ביי מיר איז איינגעפירט,
אַז אַלע זיינען מיוחסים גלייכע —
די אָרעמע פּונקט, ווי די רייכע.
איך קאָנטראָליר וואָס יעדער קריגט אריין —
ס׳טאָר קיינער ניט באַזיצן מער פון ניין.
עס איז אַ חוק-ולא-יעבור.
און האָט דער זשעדנער צי דער זשוואַווער
באַקומען מערער, עובר אויפן חוק געווען,
באַצאָלט ער קנס און גיט אַוועק זיין חבר
די סומע צען,
ער מעג אַפילו בלייבן מיט אַ נול.
דער קנס
ווערט אויפגעמאָנט פּאַרפול
פון אַלעמען לויט זייער קלאַס: —
אַ צענער פון די איינסן, פון די קלעגלעכע,
אַ מאה פון די צענער, די פאַרמעגלעכע,
אַ טויזנטער פון די גבירים, פון די מאות, —
אַזוי ביז צו די העכסטע פענצטער, העכסטע שפּיצן,
ווייל מער פון ניין טאָר קיינער ניט באַזיצן.
ס׳איז יושר׳דיק און גלייך לכל-הדעות. —
— אַ בראָך אַ גרויסער! —
געענטפערט האָבן איר די איינסן,
די קליינסן:
וואו זיינען זיי — דיין גלייכקייט און דיין יושר,
ווען שטענדיק צאָלט אונטער דיין רעזשים
דער אָרימער צום צען מאָל רייכערן פון אים?! —

## די ציג און די שעפּס

די ציג, די ווילדע קאָזע,
האָט אויף אַ וויסטן פעלדז אַ הויכן
אַרויפגעקלעטערט, גאַרניט צו דערגרייכן,
און אין אַ וואַזשנער פּאָזע
אַוועקגעשטעלט זיך אויבנאָן,
כאָטש נעם און מאָל זי, די פּאַרשוין
מיט אירע הערנער, ווי אַ קרוין —
אַ ציגן־מלכה אויף אַ טראָן.
— וואָס טוסטו אויפן וויסטן פעלדז? —
גערופן האָט איר שוועסטערקינד, די שעפּס אין פעלץ:
ווער שלעפּט דיך פאַר דער באָרד
אויף יעדן הויכן אָרט,
ווען בעסער איז די פּאַשע אינם טאָל?
צי קוקסטו ניט אויף ווער אויס אַמאָל?
פאַרטרוי, איך וועל מיין אויער נייגן. —
— איך קוק ניט אויס אויף קיינעם; ניין, קוזינע, —
געמעקעט האָט די ציג פון פעלדז, ווי פון אַ בינע:
איך וויל אַליין זיך וואַרפן אין די אויגן. —

# דער שיינער פויגל און דער וואָרים

דער שיינער פויגל,
דער ראָבין מיט דער רויטער ברוסט,
וואו אינווייניק די וואָליע איז געוועזן פוסט,
האָט מיט אַ זייטיק זשעדנע אויגל
געזוכט אַ ווערימל, דאָס האַרץ צו אונטערהאַלטן,
געשטעקט די נאָז אין לעכער און אין שפּאַלטן.
און מיטאמאָל האָט פון דער ערד געטאָן אַ בליץ
דעם וואָרימ׳ס נאַסער שפּיץ.
אָן שיהות, אין איין אויגנבליק
(דאָס מזל גליטשט זיך, שטייט ניט),
דער פויגל האָט דערלאַנגט אַ פּיק,
אַ צי געטאָן, נאָר — אוי, עס גייט ניט! —
דער וואָרים האָט זיך ניט געלאָזן.
— פּע! וואָס איז דאָס? —
האָט דער פויגל וואַזשנע זיך געבלאָזן,
געפּאָנפּעט דורך דער נאָז,
ווייל ס׳איז דאָס מויל געוועזן פאַרטאָן:
עס שטייט דיר נאָך ניט אָן?!
אַ וואָרים האָט נאָך ניט קיין לוסט
פאַרדייט צו ווערן פון אַ פויגל מיט אַ רויטער ברוסט,
פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ טייל פון מיר,
אַ חלק האָבן אין מיין רויטן ציר?! —
— כ׳בין מוחל דיר דעם כבוד און דעם גליק, —
געענטפערט האָט דער וואָרים, אָנגעצויגן ווי אַ שטריק,
געריסן זיך צוריק,
ניט נאָכגעגעבן:
איך וויל מיר אויסלעבן מיין אייגן לעבן. —

## דער לוח און דער זייגער

אַנומלט האָבן אַ ויכוח
געהאַט — דער זייגער מיטן לוח.
דער לוח האָט געלאָזט צו הערן:
— דער היינט וועט מאָרגן אָפּגעריסן ווערן.
פֿאַרבויג דעם היינט און זע דעם מאָרגן,
און זע — עס זיינען מאָרגנס פיל פֿאַראַן.
אַריבער היינט צום ווייטסטן מאָרגן שפּאַן,
זאָלסט יעדן טאָג דעם גאַנצן יאָר פֿאַרזאָרגן. —
דער זייגער האָט געזאָגט:
— קיין מאָרגן איז ניטאָ.
דער עיקר איז די חיי־שעה,
דאָס האַרץ, וואָס שלאָגט.
דאָס אַלץ און גאָר,
ווייל ס׳הענגט דאָס לעבן אויף אַ האָר. —

## דער קאָפּ און דאָס האַרץ

דער קאָפּ
האָט פֿון אויבן־אַראָפּ
געזאָגט צום האַרצן, וואָס שפּייזט
מיט בלוט אַלע אברים פֿון גוף:
— ווען איך, דער גייסט,
הער פּלוצלינג אויף
צו פֿאַרשטיין וואָס איז שלעכט און גוט,
וואוהין — מיט דיין ווילדן בלוט —
וואָלט דער קערפּער פֿאַרקראָכן? —
— ניט נעם זיך איבער, מיין חכם! —
האָט געענטפֿערט דאָס האַרץ אין גוטן מוט:
ווי קאָנסטו גאָר וויסן
וואָס ס׳איז שלעכט און גוט,
אַז אין דיר טוט פֿליסן
דאָס זעלבע ווילדע בלוט? —

# דער מיזאַנטראָפּ און זיין הונט

דער מיזאַנטראָפּ האָט פאַר זיין הונט דעם שוואַרצן
זיין ביטערניש אַראָפּגערעדט פון האַרצן:
— געשיידט פון מענטשן, וועמען איך האָב פיינט,
ביסטו, מיין הונט, דער בעסטער פריינט.
וואָ׳דען, אין מענטשן וועל איך טרויען,
אין זייער האַרץ דעם שלויען,
אין זייער פאַלשן שמייכל
און שווינדלערישן שכל ?
ניט אָן אַ סיבה האָב איך, מיין געטרייער היטער,
צערייצט דיך אויפן קייט, מיט הונגער אויפגעהעצט,
אַמאָל אויך מיטן פוס אין זייט אַריין געזעצט, —
איך האָב געמאַכט דיך בייז און ביטער,
אַז ס׳זאָל קיין פּוס פון די געמיינע לייט,
די פריינטלעך, וואָס פאַרראַטן דיר צו יעדער צייט,
ניט וואַגן אין מיין גבול צו קומען.
און דו האָסט טריי געדינט דיין האַר
און אָנטייל אין מיין האַס גענומען.
ס׳איז גרינגער מיט אַ חיה דורכצוקומען,
ווי מיט אַ מענטשן, — זאָג איך אין מיין צער. —
און אויפגעעפנט האָט דער הונט זיין מויל,
דעם קאָפּ צום הימל טרויעריק פאַרריסן
און זיך צעקלאָגט מיט אַ געהויל :
— ווער נאָך זאָל בעסער וויסן
דעם צער דערפון אין פולער מאָס,
ווי איך, וואָס האָב אַזאַ מין באַלעבאָס ? ! —

# שלמה המלך און די מויז

„כי ברב חכמה רב כעס". — קהלת.

אַמאָל — ס'איז ניט פאַרצייכנט ווען —
איז קעניג שלמה'ן אויסגעקומען
צו זען,
ווי ס'האָט די מויז זיך אין זיין ספר איינגעביסן.
— דערצייל מיר, מייזל, איך וויל וויסן
וואָס פאַר אַ טעם עס האָט דער ספר צו דיין גומען ? —
געפרעגט האָט ער, וואָס האָט גערעדט די שפּראַכן
פון אַלע לעבעדיקע זאַכן.
— דער פאַרמעט פונם ספר האָט אַ זיסן טעם,
נאָר ביטער איז דער טינט, ווי סם, —
געענטפערט האָט די מויז און זיך פאַרקרימט.
— אַזוי דאַרף זיין, עס שטימט, —
האָט קעניג שלמה זיך פאַרטיפט :
די חכמה פונם ספר איז די שריפט. —
— די חכמה איז ניט זיס, קומט אויס, —
האָט שלמה'ס רייד צעקייט די מויז.

# די בטלנים און דער אַף

בטלנים צוויי, פֿאַרשפּיצטע דרינגער,
וואָס דרייען מיטן גראָבן פינגער,
באַטראַכטנדיק דעם אַף אין גאָרטן זאָאָלאָגישן,
גע׳חקירה׳ט האָבן זיי, געבליצט,
אויף מאָדנע ראיות זיך געשטיצט
אין זייער אַרט פון דענקען איבער־לאָגישן.
— אַ . . . הום.
דער אַף איז אַ בעל־מום, —
געברומט האָט איינער מעשה זינגער:
היות, ער האָט ניט צען,
נאָר צוואַנציק לאַנגע פינגער,
איז דאָך דערפון צו זען,
אַז ס׳האָט דער נפש ניט קיין פיס, נאָר צוויי פּאָר הענט. —
— האַ? מניע.
אי ניט, אי יע.
אַ ביסל קריכסטו אויף די גלייכע ווענט, —
גע׳חזר׳ט האָט דער צווייטער מעשה קנעלער:
אַוודאי האָט דער אַף אַ פעלער,
געוויס,
נאָר ס׳פעלן אים די הענט און ניט די פיס.
אַ סימן האָסטו דיר:
ער גייט אויף אַלע פיר. —
אַזוי־אַ האָבן די בטלנים פונם אַף געמאַכט
אַ קאַליקע, ניט דאַ געדאַכט,
אַ קאַליקע אינצווייען.
און ער אויף אַלע אברים גאַנץ, זיי אויפצעלאָכעס,
מיט הענט און פיס, וואָס טוען צוויי מלאכות,
ער האָט זיי נאָכגעקרימט, געמאַכט זיי אויסצודרייען.

# מיינע חיות און איך

די חיות פון די פאַבלען מיינע
געקומען זיינען מיט אַ טענה
און אויסגעברומט צו מיר — דהיינו:
— וואָס מוסר׳סטו די חיה, דיכטער!
ביסט דו אויף גאָט׳ס באַשעפעניש אַ ריכטער?
אַ חיה איז ניט גוט, ניט שלעכט,
נאָר גאַנץ און עכט —
אַ תמים.
צי אפשר האָפסטו, ווי ישעיה,
צו ענדערן די טבע פון דער חיה
באחרית הימים? —
— גערעכט, — געענטפערט האָב איך זיי:
נאָר כ׳שילט די טאָכטער און איך מיין די שנור.
איך מיין ניט אייך, די גאַנצע אין נאַטור,
נאָר די צעבראָכענע אויף צוויי: —
אויף יצר־טוב און יצר־הרע,
אויף מענטש און חיה,
לעת־עתהביידע אין דער זעלבער נאָרע.
נאָר האָפן האָף איך, ווי ישעיה,
אַז ווערן וועט די האַלבע חיה
באחרית הימים
אַ גאַנצער מענטש — אַ תמים. —

# דאָס ניט-געניטע הינדעלע

ווען ס'האָט דאָס הינדעלע זיך אויסגעפּיקט פון איי
און פון גרויס פרייד געגעבן אַ געשריי,
האָט איר געזאָגט די מאַמע: „ניטע!
„דו ניט-געניטע!
„די קאַץ וועט נאָך דערהערן,
„מיין פייגעלע פאַרצערן".
ווען שפּעטער האָט דאָס הינדעלע
געוואָלט זיך שפּילן מיטן הינטעלע,
האָט איר געזאָגט די מאַמע: „ניטע!
„דו ניט-געניטע!
„דו היט די ביינער —
„דער הונט האָט שאַרפע ציינער."
ווען ס'איז דאָס הינדעלע אין הויף אַליין געלאָפן
(געמיינט די מאַמע איז געשלאָפן),
האָט איר געזאָגט די מאַמע: „ניטע!
„דו ניט-געניטע!
„דיין לעבן איז אין קאָן,
„קוים פליט אַ שפּאַרבער אָן".
ווען ס'איז דאָס הינדעלע אַוועק פון מאַמעס פליגל
און האָט פאַרקוקט זיך אין אַ וואַסער-שפּיגל,
האָט איר געזאָגט די מאַמע: „ניטע!
„דו ניט-געניטע!
„אַ הינדל צו אַן ענטל איז ניט גלייך,
„דו וועסט דערטרינקען זיך אין טייך".
און אַז עס האָט דאָס הינדעלע געקלאָגט
פאַרוואָס ס'איז אַלץ פאַרבאָטן און פאַרזאָגט,
האָט ווידער איר געזאָגט די מאַמע: „ניטע!
„דו ניט-געניטע!
„עס איז ניט גוט צו קלאָגן,
„מיט פראַגן נאַרישע זיך פּלאָגן".

## פאַרוואָס דער אינדיק האָט אַ קראָפּ
## און ניט קיין קאַם אויפן קאָפּ

דער אינדיק מיטן פליך
וואָס איז פאַרליבט אין זיך,
און גוידערט זיך, און בלאָזט זיך,
און אויפן קול צעלאָזט זיך:
— איך האָלדער אַ געהאָלדער!
איך האָב זיך האָלד און האָלדער! —
דער פּליבעוואַטער אינדיק, מאָל דיר,
האָט אויפן קאָפּ אַמאָל געהאַט אַ קאַם,
אַ רויטן, ווי אַ פלאַם,
אַט ווי עס האָט דער האָן
פון בראשית אָן.

נאָר ס׳האָט דער אינדיק
זיך פאַרזינדיקט
מיט ניט קיין קליינעם חטא: —
ער האָט זיך איינגערעדט,
אַז דאָס איז ניט קיין קאַם דיר סתם,
ס׳איז ניט קיין קאַם, ווי יעדער קאַם,
נאָר ס׳איז אַ קרוין, אַ מלכות־צייכן.

וויבאַלד אַ קרוין,
האָט אונדזער אינדיק שוין
געוואָלט דעם אָדלערס טראָן דערגרייכן
און זאָגן צו דעם פייגל-מלך:
— אַרונטער! היידאַ! הלך! —
און אויפן טראָן
אַליין זיך זעצן אויבנאָן.

ער האָט געוואָלט, נאָר ניט געקאָנט,
ווייל ס'האָט דער אָדלער הויך געטראָנט
אויף טורמדיקע פעלדזנשטיינער,
וואוהין דערפליען האָט געקאָנט נאָר איינער —
דער אָדלער, מער ניט קיינער.

אומזיסט צופוסנס פון דעם טראָן
געשפּרונגען איז דער אינדיק, ווי אַ האָן;
אומזיסט זיך אָנגעבלאָזן, ווי אַ בלאָזאַק,
און זיך קוראַזשעט, ווי אַ קאָזאַק;
אומזיסט די פליגל אויסגעצויגן, —
ווען ס'איז געקומען צום פאַרמעסט,
איז צו דעם אָדלערס נעסט
דער אינדיק ניט דערפלויגן.

אומזיסט האָט אויך אויף אים געוואַרט
דער אָדלער מיט זיין שאַרפן בליק,
וואָס האָט געוואונדערט זיך, געשטאַרט,
ווי ס'האָט דער אינדיק זיך גענאַרט: —
ניט אָפּגעטראָטן אויף צוריק,
נאָר אַלץ געזוכט אַ שטעג, אַ שטיג,
דאָרט, וואו עס איז דער וועג פאַרשפּאַרט
אַפילו פאַר דער ווילדער ציג.

ער האָט געוואַרט, זיך ניט דערוואַרט —
דער אָדלער אויף זיין פעלדזנשפּיץ —
און איז אַרונטער, ווי אַ בליץ,
און האָט געזאָגט צום אינדיק מיטן גוידער:
— וואָס ווילסטו? רעד, ניט פּלוידער! —

האָט אונדזער אינדיק מיטן קאַם
זיך אָנגעצונדן, ווי אַ פלאַם,
און זיך צעהאָלדערט, ווי ער קאָן:
— צו מיר געהערט דער טראָן.
איך האָב אַ קרוין, בין איך דער מלך.
דאַנק אָפּ און היידאַ! הלך! —

דעם פּלוידער-אינדיק אויסגעהערט,
האָט לאַנג דער אָדלער ניט געקלערט
און מיט איין פּיק, איין גוטן פליק,
אַז וואַקסן זאָל ער ניט צוריק,
דעם רויטן קאַם פון אינדיקס קאָפּ
אַראָפּגעפליקט, אַראָפּגעצויגן
און הענגען, ווי אַ צאָפּ,
געלאָזט אים פאַר די אויגן,
עס זאָל דער אינדיק זען,
אַז ס׳איז אַ קאַם געווען,
אַ קאַם און ניט קיין קרוין,
אַ פּראָסטער קאַם און שוין.

פון דעמאָלט אָן
האָט מער דער אינדיק אויפן קאָפּ
קיין קאַם ניט, ווי עס האָט דער האָן,
נאָר ס'הענגט פון שטערן אים דער קראַפּ.

ס'האָט אָבער תשובה ניט געטאָן
דער אינדיק מיטן פליך —
ער איז נאָך אַלץ פאַרליבט אין זיך,
און גוידערט זיך, און בלאָזט זיך אָן,
און רעדט זיך איין אַצינדער, ווי אַמאָל,
און האָלדערט אויפן קול:
— איך האָלדער אַ געהאָלדער!
איך האָב זיך האָלד און האָלדער.
איך בין נאָך אַלץ אַ קעניג, מאָל דיר,
אַפילו ס'הענגט מיין קרוין אַראָפּ.
די פּורפּור־פאַרב באַצירט מיין קאָפּ,
אַ קייט רובינען אויף מיין האַלדז.
איך בין אַ קעניג אַלץ.
איך האָב זיך האָלד און האָלדער.
איך האָלדער אַ געהאָלדער! —

## די געגנב'עטע זון

**נאָך ק. טשוקאָווסקי — פון רוסיש.**

ווי אַ קראָקאָדיל אין דרימל,
ליגט אַ כמאַרע אויפן הימל.
גייט די זון זיך אויף שפּאַציר
און פאַרגייט אַהינטער איר.

קוקט דער וועוורק אין בינאָקל
און ער טוט דעם עק אַ שאָקל:
„וואָס איז מיט דער זון געשען?
ניט אין ערגעץ זי צו זען."

און די גרילן מיט די צינגלעך —
פונם וואַלד די צייטונגס-אינגלעך —
האָבן זיך אין גראָז צעשפּרונגען
און די פרישע נייעס צעקלונגען:
„ס'האָט די זון דער קראָקאָדיל
איינגעשלונגען, ווי אַ פּיל!"

וויינט דער גרויער שפּערל ביטער
אין זיין נעסט פון שטרוי און ריטער:
„זון, ס'איז פינצטער מיר די וועלט,
ווייז אַ קערנדל אין פעלד!"

וויינען האָזן
אין די גראָזן,
בלאָנדזשען, זעען ניט דעם וועג,
פאַלן, חלש'ן פון שרעק.

בלויז די ראַקעס,
די פּרומאַקעס,
אינם זומפּ די אויגן גלאָצן,
קריכן אום מיט אַלע שרצים,
און די וועלף די בייזע וואָיען,
ווי די ווילדע משוגעים.

קומען צאַפּן
און זיי קלאַפּן
אינם טויער: „טראַ־טאַ־טאַ!
שלאָפט ניט אין אַ צייט אַזאַ!
היי, איר חיות, ניט געשלאָפן!
קומט דעם קראָקאָדיל באַשטראָפן,
קומט די זון פון אים באַפרייען
און די וועלט מיט ליכט באַנייען!“

נאָר אין שרעק די חיות זאָגן:
„ווער קאָן אַזאַ מאָנסטער שלאָגן!
פול מיט ציינער איז זיין מויל,
אים צו אָנזען איז אַ גרויל“.

און זיי לויפן צו דעם בער אין זיין נאָרע:
„קום צו הילף אונדז, שטאַרקער בער, אין אַ צרה,
שוין גענוג די לאַפּע זויגן אין טרוים,
מ׳דאַרף גיין די זון באַפרייען און שוין!“
נאָר קיין חשק האָט ניט בער זיך צו שלאָגן,
דרייט ער זיך אַרום דעם זומפּ שטאַרק צעטראָגן,
און ער יאָמערט, און ער ברומט, מאַכט אַ גוואַלד,
רופט די בערעלעך די קליינע פון וואַלד:
„היי, וואוהין דאַרט זיינט איר נעלם געוואָרן,
מיך פאַרלאָזן אויף די עלטערע יאָרן?!“

איז דער פוקס אַרויסגעקומען,
ריידן צו דעם בער גענומען:
„שעם זיך, אַלטער, קלאָג ניט מער —
קלאָגן פּאַסט ניט פאַר אַ בער!
דו, קרומלאַפּיקער, גיי פלינקער
אויפן קראָקאָדיל דעם שלינגער,
רייס אים, בייס אים, ברעך די ביינער,
רייס די זון פון זיינע ציינער,
און, ווען איבער באַרג און טאָל
וועט זי שיינען נאָכאַמאָל,
וועט דיין קליינוואַרג דאָס פאַרפאַלענע
אָנרייסן דיר קוישן מאַלינעס,
לויפן קעגן דיר: „האַלאָ!
זיידע, אָט מיר זיינען דאָ!“

שטייט אויף באַלד דער בער,
מאַכט אַ גוואַלד דער בער
און צום גרויסן טייך
לויפט פון וואַלד דער בער.
און דער קראָקאָדיל
ליגט זיך פויל און שטיל
און אין זיינע ציין,
ווי אַ דימענט-שטיין,
פינקלט נאָך די זון
די גע׳גנב׳עטע.

שטייט אַ הויכער בוים,
קריכט דער בער אויף אים,
הילכן זאָל די שטים
פון זיין הויכער קרוין.

פונם בוים-שפּיץ, ווי אַ שטורם,
ברומט דער בער און רעדט דבורים:
„רויבער, שפּיי אַרויס דיין רויב!
כ׳וועל צעמאָלן דיך אויף שטויב.

כ׳וועל שוין מער דיר ניט דערלויבן
אונדזער זון אַוועקצורויבן.
אַז דו האָסט אַ וועלט פאַרוויסט,
אַרט עס דיך, דו עגאָאיסט?"

נאָר דער רשע לאַכט אין גוידער,
אַז עס טוט דער בוים אַ שווידער:
„איך וועל באַלד פאַרשלינגען אויך
די לבנה אין מיין בויך!"

האַלט ניט אויס דער בער,
קאָכט און ברויזט דער בער
און אַנטקעגן פיינט
גייט אַרויס דער בער.
בויגט ער, ברעכט ער אים,
טוט זיין רעכט ער אים: —
„גיב אַהער די זון
די גע׳גנב׳עטע!"

און דער קראָקאָדיל געשלאָגן
הויבט אָן בעטן זיך און קלאָגן
און פון מויל דעם אָפענעם,
ווי אַ העלע האָפענונג,
הויבט די זון זיך אויף,
גייט אין הימל אויף.

און מיט ליכט די זון צעשפּריצט זיך,
אויף די טויעלעך צעבליצט זיך,
אויף די בלעטעלעך צעלייכט זיך,
צווישן ביימער־שטאַמען שלייכט זיך
און פון שאָטנס אויף די סטעזשקעס
נייט זי אוים מערעזשקעס.

און די פייגעלעך צעזינגען זיך,
און די וועווריקלעך צעשפּרינגען זיך,
און זיי גייען אויף אַ שטריק,
און די האָזן
אין די גראָזן
מאַכן קאָזשעלקעס — פאַר גליק.

און דעם זיידן צו באַגעגענען
זיינע בערעלעך אַנטקעגן אים
לויפן פריילעכע, ווי קעצלעך,
מיט די גראָבע פים, ווי קלעצלעך,
און זיי גריסן אים: „האַלאָ!
זיידע, אָט מיר זיינען דאָ!"

— אַלע, אַלע פרייען זיך —
חיות, פייגל, רינדער —
און מיט זיי אויך דרייען זיך
אַרום בער די קינדער.
און זיי קושן, דאַנקען אים
פאַר דער זון דער העלער,
דאַנקען און דערלאַנגען אים
האָניק אויף אַ טעלער.

# אינהאַלט: